# לירישע קלאַנגען

לידער

פון

## רחל לינאָוו

רחל לינאָוו בוך־קאָמיטעט
פון
קלוב איינס „פּיאָנערן פרויען"
און
„אברהם רייזען לייען קרייז"
אַרויסגעגעבן אין אָנדענק פון דער פּאָעטעסע

וואַשינגטאָן, ד. ק.
1958

# SELECTED POEMS

by

RACHEL LEENOV



געדרוקט ביי די ברידער שולזינגער

***Printed in the U. S. A. by***

**SHULSINGER BROS. LINOTYPING & PUBLISHING CO.**

**21 EAST 4TH STREET, NEW YORK 3, N. Y.**

 (253)

# אינהאַלט:

## נאָכן אויפקום פון מדינת ישראל

# דאַנק און אָנערקענונג

איך וויל דאָ אויסדריקן מיין האַרציקן דאַנק און אָנער־קענונג צו די חברים משה פריליכאָוו און מיכאל ז. וועקסלער, פאַר זייער מי און אַרבעט אין דורכלייענען די מאַנוסקריפּטן און אין אויסשטעלן דעם אינהאַלט־סדר פון דעם פאָרליגנדיקן בוך פּאָעמעס פון מיין פאַרשטאָרבענער אומפאַרגעסלעכער פרוי, **רחל לינאָוו, ע״ה.**

איך וויל אויך אויסדריקן מיין וואַרעמען דאַנק און אָנער־קענונג צו דעם „פּיאָנערן פרויען קלוב איינס" און צום „אברהם רייזען לייען קרייז", ווי אויך צו די מיטגלידער פון דעם „רחל לינאָוו בוך־קאָמיטעט" — די חברות אסתר לאַזאַראָף, ליובאַ קאַפּלאַן, סאָפיע וועקסלער, בעסי וועגמאַן און עטל וויינער.

יצחק לינאָוו

# רחל ליגאָוו
## (1957 — 1889)

## איר לעבנסוועג און איר שאַפונג

דעם 27טן אויגוסט פון יאָר 1957 איז, נאָך אַ שווערער, פּיינפולער, פאַרצערנדיקער קראַנקייט, אין איר זיבן און זעכציקסטן לעבניאָר, פון דער וועלט אַוועק די פּאָעטעסע, רחל לינאָוו. געשטאָרבן איז זי אין וואַשינגטאָן, ד. ק., וואו זי איז פאַר דעם לעצטן יאָרצענדליק פון איר לעבן געווען אַן אַקטיווע, איבערגעגעבענע חברה אין קלוב איינס פון די פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע. זי איז אויך געווען אַ חשוב׳ע מיטגלידערין אין דעם „אברהם רייזען לייען קלוב״.

אַחוץ זיך באַטייליקן אין די געוויינלעכע, מיט פליכטן אָנגעלאָדענע, אַקטיוויטעטן פון די „פרויען פּיאָנערן״, די אַרבעט פאַר מדינת ישראל אויפבוי, האָט רחל לינאָוו, מיט אירע פּאָעמעס גייסטיק באַרייכערט די יום־טוב׳דיקע מסיבות פון דער אָרטיקער ציוניסטישע־אַרבעטער באַוועגונג. אירע פּערזן פלעגן פון אַנדערע פאַרגעלייענט ווערן, ווייל זי אַליין, צוליב איר איינגעבוירענער באַשיידנקייט, האָט צו יעדער צייט אויסגעמיטן דעם אויבן־אָן.

אַ פּאָר ביאָגראַפישע דאַטן:

רחל זאַק (לינאָוו) איז געבוירן געוואָרן דעם צווייטן טאָג חנוכה פון יאָר 1889 אין דער שטעטל האָרקע (גאָרקי), מאָלי־

ווער גובערניע, רוסלאַנד. זי איז געווען די דריטע אין אַ פאַמיליע פון זעקס קינדער — צוויי זין און פיר טעכטער. איר פאָטער, יעקב זאַק, איז געווען אַן אָרעמער לעדער־אַרבעטער. די מאַמע, חיה, מיידלשער פאַמיליע־נאָמען באַס, איז געווען פון דער שטעטל קאַדין. די מאַמע, אַ גאָטספאָרכטיקע, האָרע־פאַשנע פרוי, איז געווען שטאַרק איבערגעגעבן צו איר פאַמי־ליע, צו איר מאַן און קינדער. אַ קראַנקע, אַ שטיל־ליידנדיקע, האָט זי הכנעה׳דיק אַקצעפּטירט דעם גורל פון שווערן גערעאַנגל.

רחל האָט שטאַרק ליב געהאַט דער מאַמען, און שפּעטער האָט זי געווידמעט דער מאַמע׳ס אָנדענק איינע פון אירע פּאָעמעס.

„אויף וואָס איז דיר, מאַמע,
דיין יוגנט אַוועק ?
די שיינע, די בליענדע יאָרן ?
אויף קינדלען, אויף צרות,
אויף קראַנק זיין — אָן עק —
ביז גרוי איז דער קאָפּ דיר געוואָרן״.

ווען רחל איז נאָך געווען אַ קליין קינד האָט איר פאָטער צוליב פּרנסה געמוזט פאַרלאָזן האָרקע און די פאַמיליע האָט זיך באַזעצט אין ראָמאַנאָווע. אין איר צענטן יאָר קומט רחל צוריק אין געבורט־שטעטל האָרקע צו לערנען אין אַ שולע. דאָרט לערנט זי רוסיש, אַריפמעטיק, געאָגראַפיע, היסטאָריע. געווען איז רחל אַ פלייסיקע תלמידה און האָט געמאַכט גרויס פּראָגרעס אין אירע לימודים. ווען זי האָט פאַרענדיקט דעם קורס, קומט זי צוריק אַהיים קיין ראָמאַנאָווע. אַ ווייל שפּע־

מער פאָרט זי קיין וויטעבסק וואו זי ווערט פּאָפּולער און געשעצט ביי דער יידישער שטודירנדיקער יוגנט. רחל האָט פאַרמאָגט אַ פענאָמענעלן זכרון. איינער פון די סטודענטן האָט רחל׳ען צוגעגרייט צום גימנאַזיע עקזאַמען. שפּעטער האָט זי אַליין פאַרגעזעצט איר לערנען ביז זי האָט אויסגעהאַלטן עקזאַמען פאַרן זעקסטן קלאַס גימנאַזיע.

אין וויטעבסק פאַרברייננט זי דעם פריידיקסטן פעריאָד פון איר לעבן. זי שליסט זיך אָן צו דער ציוניסטישער יוגנט, באַזוכט טעאַטער און אָפּערע, און בעיקר ליטעראַרישע אָוונטן. רחל ווערט אַ לערערין און ווידמעט זיך צו דער אַרבעט מיט גרויס ליבשאַפט. פרי אַנטוויקלט זיך ביי איר דער דראַנג צו פּאָעטישער שאַפונג. אין יאָר 1910 קומט, אויף אַ פאַר־לייענונג אין וויטעבסק, דער באַליבטער פּאָעט, אברהם רייזען. רחל באַהערשט אַ ווייל איר באַשיידנקייט, נעמט זיך אָן מיט מוט און ווייזט רייזענען אירע ערשטע לידער. רייזען דער־מוטיקט זי צו שרייבן וואָס מער. פאַר רחל׳ען איז געווען אַ גרויסע איבערלעבונג דער פערזענלעך זיך באַקענען מיט דעם ביים פאָלק באַליבטן פּאָעט, וועמענס שריפטן האָבן שוין פון פריער אויף איר אויסגעאיבט אַ גרויסע ווירקונג.

צו דער צייט פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, פאָרט רחל׳ס עלטערער ברודער, הירש, מיט דער שוועסטער, רייזל, קיין אַמעריקע. אַביסל שפּעטער פאָרט אַהין אויך דער יונגע־רער ברודער, אהרן. און אין ווינטער פון יאָר 1914 פאָרט אָפּ אויך דער טאַטע מיט רחל׳ען קיין ניו־יאָרק. יעקב זאַק׳ס פּלאַן איז געווען צו באַקומען באַשעפטיקונג און אין גיכן

## רחל לינאָוו

אַראָפּבריינגען פֿון דער אַלטער היים זיין פרוי און די צוויי פֿאַרבליבענע אינגערע טעכטער, די פֿאַמיליע זאָל ווידעראַמאָל זיין אינאיינעם אין נייעם לאַנד. די פֿונאַנדערגעפלאַקערטע ערשטע וועלט-מלחמה מאַכט צו-נישט די דאָזיקע פּלענער און האָפֿענונג. די פֿאַמיליע בלייבט צעטיילט און די מאַמע שטאַרבט אין רוסלאַנד — אַ קרבן פֿון די מלחמה-צייט צושטענדן.

אין ניו-יאָרק באַקומט רחל אַרבעט אין אַ שאַפּ. דאָס איז געווען אין דער צייט איידער די אַרבעטער-יוניאָנס האָבן אויסגעקעמפט מענטשלעכע אַרבעט-באַדינגונגען און אַ בעסערן אַרבעט-לוין. די שווערע באַדינגונגען ביי דער אַרבעט אין פֿאַבריק ווערן פֿאַר דער עמפּפֿינדלעכער רחל'ען קאָמפּעניסירט אין די קלאַנגען פֿון די האַרציקע, היימישע לידער וועלכע אירע יידישע, רוסישע און איטאַליענישע שאַפּ-חבר'טעם פלעגן בצי-בור זינגען ביי דער אַרבעט. דער טיפֿער איינדרוק דערפֿון איז ביי רחל'ען לאַנג פֿאַרבליבן. דעם דאָזיקן שיינעם פֿאַזים פֿון איר שאַפּ-לעבן שילדערט זי שפּעטער אין אַ קורצער פּאָעמע וועלכע זי האָט אָנגעשריבן אין ענגליש.

### MEMORIES OF MY FACTORY DAYS

I remember you still,
You simple-hearted people of needle and loom,
The songs you have sung
Are still in my heart.
They played in those days
So vital a part.

## לירישע קלאַנגען

Those were the folk-songs of Russia,
And France's happy land,
And the fiery songs of Italy.
They shortened the hours,
They brought all the cheer.
And this made their presence
So welcome, so dear!

צו יענער צייט באַקענט זי זיך און ווערט באַפריינדעט מיט איר צוקונפטיקן מאַן, יצחק ליניאָוו, וועלכער איז אין יאָר 1911 אינאיינעם מיט זיינע עלטערן געקומען קיין אַמעריקע. זיי האָבן חתונה אין יאָר 1915. יצחק האָט אויך געהאַט שטודירט אין דער אַלטער היים און באַקומען אַן ענלעכע בילדונג ווי רחל. האָבן זיי גייסטיק אויך געהאַט אַ סך געמיינשאַפטלעכעס, און צוזאַמען געלייענט, צוזאַמען געלערנט. ווי רחל, איז אויך יצחק געווען אַ שאַפּ-אַרבעטער. און ווען ס'איז געקומען די ערשטע קינד, זייער טאָכטער אסתר, האָבן זיי באַשלאָסן צו פאַרלאָזן ניו-יאָרק. זוכנדיק בעסערע לעבן-באַדינגונגען קומען זיי אָן אין וואַשינגטאָן אין יאָר 1921. אויך דאָ זיינען פאַר זיי געווען עקאָנאָמיש-שווערע יאָרן. מען האָט זיך דערשלאָגן צו אַ קליינע גראָסערי סטאָרקע אין אַן אָרעמער נעגער-געגנט. די קראָם האָט געגעבן קאַרגע חיונה. רחל מיט איר מאַן פלעגן דאָרט אַרבעטן פון גאַנץ פרי ביז שפּעט ביינאַכט. דער איינציקער אָטעם-אָפּכאַפּן פאַר רחל'ען שפּעט נאָך האַלבע נאַכט ווען דער מאַן און די טעכטערל זענען שוין געשלאָפן, איז געווען זיצן און שרייבן אירע לידער, וועלכע ווערן וואָס ווייטער רייפער און אינהאַלטרייכער.

אין יאָר 1923 ווערט געבוירן דער זון, דניאל. ענדלעך ווערט מען פּטור פון דער קרעמל, אין וועלכער ס'איז געווען אַ סך מלאכה און ווייניק הצלחה. יצחק באַקומט אַ רעגירונג־שטעלע. דער עקאָנאָמישער צושטאַנד פון דער פאַמיליע ווערט בעסער.

די מלחמה פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון מדינת ישראל אין יאָר 1948 האָט אויף רחל לינאָוו'ן אַ קאָלאָסאַלן ווירקונג. שוין מיט אַ יאָר פריער האָט זי זיך אָנגעשלאָסן ווי אַ חברה אין קלוב איינס פון די „פּרויען פּיאָנערן". זי דערפילט אַז אָט־דאָ האָט זי ענדלעך געפונען איר געגאַרטע, לאַנג אויסגע־בענקטע גייסטיקע היים, דעם אַזוי נייטיקן וואַרעם־חבר'שן קרייז.

2.

געגערט פון די גרויסע היסטאָרישע פּאַסירונגען אין קאַמף פאַר יידיש־נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיקייט אין אייגן לאַנד, ברויזט אויף איר פּאָעטישער טאַלאַנט ווי נאָך קיין מאָל פריער. זי שרייבט מער און מער און אירע פערזן רעפלעקטירן אַלץ בולט'ער איר גרוים ליבשאַפט צום יידישן פאָלק און צו מדינת ישראל. אירע לידער דערמוטיקן, אין ערשטער ליניע, די חברות פּרויען פּיאָנערן און די מיטגלידער פון דעם „רייזען לייען קרייז", צו וויטערדיקער אַרבעט פאַרן הייליקן צוועק — די אויפבוי און שטאַרקונג פון מדינת ישראל און אָפּצוהיטן די קולטורעלע יידיש־פּאָזיציעס אין אַמעריקע. בעיקר איז איר ליב און טייער די יידישע ליטעראַטור און די יידישע שפּראַך. רחל לינאָוו'ס גרויסע ליבשאַפט צו אונדזער מאַמע־לשון גע־פינט אַ שיינעם אויסדרוק אין איר פּאָעמע **„אין שטעטעלעך**

**אין קליינע, אין גרוים שטעט אַ סך״.** די דאָזיקע ליד דינט ווי דער לייט־מאָטיוו פאַר דעם פאָרליגנדיקן בוך און איז די ערשטע אין דער זאַמלונג. לויט מיין מיינונג, איז דאָס ליד ווירדיק געזונגען צו ווערן ווי אַ הימנע, איבעראַל וואו עס געפינען זיך טרייע ליבהאָבער און פאַרטיידיקער פון אונדזער גרויסן אוצר — יידיש לשון!

דער שרייבער פון אָט־דעם אַריינפיר צו רחל לינאָוו׳ס שירים, וויל דאָ אויסדריקן אָנערקענונג און דאַנק צו יצחק לינאָוו, רחל׳ס לעבן־באַגלייטער, פאַר מאַכן מעגלעך די דער־שיינונג פון דעם איצטיקן באַנד, און פאַר זיין שיינעם באַשלוס, אַז די הכנסה פון בוך־פאַרקויף זאָל גיין פאַר די אינסטיטוציעס פון דער „מועצת הפועלות״, די מוסטערהאַפטע פאַראייניקונג פון די יידישע אַרבעטער פרויען אין מדינת ישראל.

די וועלכע האָבן רחל לינאָוו׳ן ביים לעבן פערזענלעך גע־קענט, די אָנגעהעריקע אין דער היגער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג, בעיקר אירע חברות פון „פרויען פיאָנערן״ קלוב איינס און פון „רייזען לייען קרייז״, וועלן זי דערמאָנען מיט בענטשונג. די, וועלכע וועלן זי דערקענען צום ערשטן מאָל דורך דעם פאָרליגנדיקן בוך וועלן לייענענדיק, אינספירירט ווערן צו אַרבעטן פאַרן וואוילזיין פון אונדזער פאָלק. אַזוי־אַרום, אין גייסטיק סובלימירטן באַנעם, וועט די פּאָעטעסע ווירקן ווייטער.

זאָל אָט־אַ־דערדאָזיקער באַשיידענער גייסטיקער בלומען־בוקעט, רחל לינאָוו׳ס באַנד לידער, געפינען אַ נישע אין דעם היכל פון אונדזער יידישער פּאָעזיע.

משה פרייליכאָוו

וואַשינגטאָן, אַפּריל, 1958 (פּסח־וואָך).

# דער אָפּקלאַנג

אין שטעטלעך אין קליינע, אין גרויס שטעט אַ סך,
געקלונגען האָט היימיש די יידישע שפּראַך,
גערעדט האָט אַ פאָלק זי מיט פשוט'ע רייד,
אין שעה'ן פון אַנגסטן, אין שעה'ן פון פרייד.

און שפּעטער, דורך ים און געפערלעכן וועג,
געבראַכט האָט דאָס פאָלק זי צום פריינטלעכן ברעג,
און ווידער די קערענדלעך נייע געזייט,
און ווידער געשפּונען די גאָלדענע קייט.

מיט גייסטיקע אוצרות ווערט רייכער דער ייד.
ער שאַפט דאָ זיין בוך, און ער זינגט דאָ זיין ליד.
ביי אונדז ווערט אַ יום־טוב אין מיטן דער וואָך,
פאַרגעסן די זאָרג און דעם טעגלעכן יאָך.

און גייסטיק דערהייבן ווערט אונדזער געמיט
אין יידישן בוך און דעם יידישן ליד.
קליין איז די צאָל אונדז, דאָך זיינען מיר גרייט
אויף ווייטער צו שפּינען די גאָלדענע קייט!

מאַי, 1955.

(צו זינגען מיטן ניגון פון דעם פאָלקס־
טימלעכן ליד „ווען עס דרעמלט דאָס
שטעטל — די לאָדן פאַרמאַכט")

# דער שניי שטורעם

עס רעש'ט, עס ציטערט, עס שטורעמט דער ווינט,
ער ברומט ווי אַ טיגער, ער וויינט ווי אַ קינד!
ער לויפט אין די גאַסן, ער הויבט אויף דעם שניי,
ער רייסט פון די אָרעמע דעכער די שטרוי!

ער לויפט אין די פעלדער, ווי פייל אויסן בויגן,
עס ווערן פאַרלוירן פיל צענדליקער וועגן,
אָפט ווערן פאַרלוירן פיל מענטשן אויף זיי,
אין עלענד באַקומען אַ קבר אין שניי.

עס רעש'ט, עס ציטערט, עס שטורעמט דער ווינט,
ער ברומט ווי אַ טיגער, ער וויינט ווי אַ קינד!

ראָמאַנאָוו, 1908.

מיין שטעטל

איינע פון מיינע ערשטע לידער

רחל ליכאָוו

# יונגע מיידל, אייל זיך ניט

יונגע מיידל, אייל זיך ניט,
היט דיין יונגן האַרצן;
ווייסט נישט ווי פיל ליבע גיט
ווייי און טיפע שמאַרצן.

ליבע מיידל, אייל זיך ניט,
זאָל נאָך פיל געווערן;
ווייסט נאָך ניט פון ליבע־גליק —
ווייסטו נישט פון טרערן.

וויטעבסק, 1909.

# אין פרילינג

כ'האָב דעם טרויער פון מיין זעלע
אין אַ ווינקל טיף פאַרבאָרגן;
אין די פרילינגס טעג, די העלע,
וויל איך וויסן קיינע זאָרגן!

ס'האָט אַ שכרות מיך פאַרנומען,
לוסטיק זינגען, פריילעך לאַכן,
ביז דער נאַסער הערבסט וועט קומען
און וועט ווידער ניכטער מאַכן!

וויטעבסק, 1911.

רחל לינאָוו

# ווי בענקט זיך...

ווי בענקט זיך עס איצט נאָכן פרייטאָג צו נאַכט:
די שטוב איז צעבליצט מיט אַ הייליקער פּראַכט.
און פרום אין די לייכטער עס פינקלען די ליכט;
מיט חן פונעם שבת איז אַלץ צוגעריכט.

אין לופט שוועבט אַ ריח פון ווייַן און פון פיש;
מיט קלאָר־ווייסן טישטוך געדעקט איז דער טיש.
און אויבן צוויי חלות — ווי פריש און ווי שיין!
עס האָט זיי די מאַמע געפלאָכטן אַליין.

עס הערט זיך צו יעדער צום טאַטען, בשעת
ער זינגט אויס זיין קידוש מיט שבת־עקסטאַז.
און ס'נעמט דיך אַרום דאַן אַ הייליקער גלויבן,
וואָס פלאַטערט אין האַרצן ווי פליגלען פון טויבן...

(איינע פון די סאַמע ערשטע לידער)

# מיין אָפּשייד ליד

איך זעגן זיך מיט אייך, חלומות פון מיין יוגנט,
איך ווענד צו אייך מיין לעצטע הייסע טרער,
איך שייד זיך מיט מיין היים, איר פעלד באַגרינטן געגנט;
איך פאָר אַוועק, און קער צוריק ניט מער.

איך זעגן זיך מיט אייך, איר אַלטע הויכע בוימער,
וואָס אייער בלאַט-געדרויש האָט סודות איינגערוימט,
ווען אין די שטילע נעכט, ווען וואַכן פלעגט שוין קיינער,
האָב איך, אַן איינזאַמע, פון ליבע-גליק געטרוימט.

איך זעגן זיך מיט דיר, ליב יידישע קליין שטעטל,
עס טוט דיין שטילער צער מיר שטענדיק אַזוי באַנג,
און כאָטש עס וועלקט דאָ אַלץ, ווי עס וועלקט אין הערבסט אַ בלעטל,
וועל איך דיך ליבן הייס און בייגקען נאָך דיר לאַנג.

איך זעגן זיך מיט אייך, מיר נאָענטע און טרייע,
איך גיב דערביי נאָך צו מיין לעצטן הייסן וואונטש,
אַז וואָס עס גיט מיר ניט די ווייטע לאַנד די פרייע,
זאָל עס ניט דערווייטערן און פרעמד ניט מאַכן אונדז.

מערץ, 1914.

# באַגינען

(געווידמעט י. ל.)

עס טאָגט אין מיין האַרצן, דער חושך פאָריבער,
און שטראַלן פאַרטרייבן די קעלט;
עס שטייט פון דער ווייט, און שמייכלט מיין ליבער,
און ברייט איז מיר ווידער די וועלט.

איך פיל אַז זיין בליק און די ליבלעכע קלאַנגען
צעברעכן די אייזערנע וואַנט;
עס ווערט פריי מיין גייסט וואָס איז לאַנג שוין געפאַנגען
אין קאַלטן און רוישענדן לאַנד.

און זאָל מיר די ריינע און הייליקע ליבע
פאַר אַלעס איצט זיין ווי אַ לוין:
חלומות צערונענע, טעג לאַנגע, טריבע
אין ליבער פאַרלאָזענער היים.

ניו יאָרק, אָקטאָבער, 1914.

רחל ליגאָוו

# די שעה פון זיין קומען

(געווידמעט י. ל.)

ער האָט געבויט פאַר מיר
מיט פיבערישן ברען
פּאַלאַצן און שלעסער
ווי אַ בחור נאָר קען.

די ווינקלען באַליכטיקט
מיט לויטערן פרייד,
געגנייט פאַר מיר פוטער,
אַ זיידענע קלייד.

און אַזוי אויסגעטאָקט
פון צעדער אַ טראָן,
פאַר מיר אים געלאָזן
ביים גאָר אויבנאָן.

מיט אוצרות בריליאַנטן
ער האָט מיך באַהאַנגען,
דערפילט מיינע טרוימען
ווי צייטיקע זאַנגען.

איך האָב די מתנות
ליב אָנגענומען;
דאָך ליבער געווען מיר
די שעה פון זיין קומען...

# די זון

ווי אַ האַרציק גוטע מאַמע
איז די זון צו מיר געקומען,
און אין אירע הייסע אָרעמס
האָט זי צערטלעך מיך גענומען.

און געקושט האָט זי מיין פּנים
מיט די לאַנגע גאָלדן שטראַלן,
וואָס ביי יעדן אירס אַ שמייכל
איז פון פּנים איר געפאַלן.

און געגלעט האָט זי מיין שטערן
זיינע קנייטשן צו פאַרשטעלן,
און געבאָדן מיינע גלידער
אין די הייסע באַלזאַם קוואַלן.

און געפרישט האָט זי מיין קערפּער
מיט אַ ווינטל מיט אַ קילן,
און געוויגט מיך מיט אַ לידל
פון אַ פויגל־כאָר אַ שטילן.

און געטרייסט האָט זי מיין האַרצן
מיט פאַרגעסענע חלומות,

ר ח ל   ל י נ אָ ו ו

און דערציילט האָט זי מיר מעשיות
פון פאַרלאָזענע מקומות...

זיי באַגריסט, דו ליבע מאַמע!
קום וואָס אָפּטער צו מיר ווידער,
און פאַר יעדן דיינס אַ שמייכל
וועל איך צאָלן דיר מיט לידער.

ניו יאָרק, פרילינג, 1916.

# מיין וועג

לאַנג וועל איך וואַנדערן, וואַנדערן פיל,
ביז איך וועל קומען צום ברעג;
גלייך ווי אַ שיף, וואָס ט׳פאַרגעסן איר ציל
און וואַנדערט אַרום אָן אַ וועג.

(אויפן שיף)
מאַרט, 1914.

ר ח ל ל י נ אָ ו ו

# לידער פאַר בלומען

(געווידמעט י. ל.)

שענקסט, מיין פריינד, אַמאָל מיר בלומען;
איך וועל בלומען — לידער געבן.
דיינע — האָבן שיינע פאַרבן,
מיינע — וועלן לענגער לעבן.

ניו יאָרק, מערץ, 1915.

# אין וועג

(געווידמעט י. ל.)

עס ווילט זיך מיר לוסטיק מיין פליגל צעשפרייטן
אין טויזנטער וועגן פון לאַנד פונעם ברייטן,
וואָס שנעלער פאַרלאָזן די רוישנדע שטאָט,
וואָס ברויזט אין איר קנאה און גרויזאַמער שפּאָט.

עס ווילט זיך מיר דורשטיק איצט שלינגען די לופט
געמישט פונעם רויזן און בלומען געדופט;
עס ציט מיך צום וואַלד און צו פויגל־געזאַנג,
נאָר דאָ דיך צו לאָזן — עס טוט אַזוי באַנג!

ניו יאָרק, דעצעמבער 19, 1915.

רחל לינאָוו

# ליבע

איך בין געווען יונג, ווען איך האָב דיך פאַרלוירן,
און גרויס איז געווען מיין פאַרלוסט;
עס האָט מיך אַ שרעקלעכער ווינטער פאַרפרוירן,
דער טויט האָט געהערשט אין מיין ברוסט.

איך בין ווי אַ שאָטן אין חשך געגאַנגען,
מיט אָפענע אויגן — דאָך בלינד;
אָן ווילן, אָן מוט, אָן די מינדסטע פאַרלאַנגען,
הילפלאָז, אַזוי ווי אַ קינד.

איך בין געווען יונג, ווען איך האָב דיך פאַרלוירן,
און מיך האָבן פילע געליבט;
דאָך קיינער פון זיי איז מיר טריי ניט געוואָרן,
איך פלעג זיי פאַרלאָזן באַטריבט.

וואָס האָט זייער ליבע געקאָנט מיר דען געבן?
בלויז רו איז געווען מיין ציל;
אַ צערטלעכער וואָרט, וואָס זאָל רופן צום לעבן
און היילן די וואונד אין דער שטיל.

בלויז יאָרן, פיל לאַנגע און ניכטערע יאָרן —
זיי האָבן דערהאָלונג געבראַכט.
און ענדלעך איז לויטער דער הימל געוואָרן
און איך האָב צום לעבן דערוואַכט!

ניו יאָרק, יאַנואַר, 1916.

# צי וועסטו, קינד . . .

צי וועסטו, קינד,
צוזאַמען מיט דיין מוטערס מילך
אויך איינזויגן דעם גיפט פון אומרו און פון שטרעבן,
וואָס וועלן צוימען שטעלן דיר אין לעבן?

און ווי אַן אָדלער אין אַ שטייג,
פון פיין און הייסן בלוט געטראָגן,
וועסטו זיך צאָרנדיק אָן אייזן־גראַטעס שלאָגן,
און רינען, טריפן וועט דיין בלוט?

און מענטשן וועלן דיר
דיין וואונד ניט קומען היילן,
נאָר שפּאָטיש מיט די פיס
דיין ריינעם בלוט צעטרעטן.

צי וועט ניט בעסער זיין, ווי אַלע,
ניט בליקן ווייט, ניט שטרעבן ערגעץ וואו?
און דאַן, אָ, קינד, ביזטו פאַרזאָרגט
מיט פרידן און מיט רו!

ניו יאָרק, האַרבסט, 1916.

געווידמעט מיין קליין טעכטערל,
א ס ת ר ׳ ל
וועלכע איז געבוירן געוואָרן אָקטאָבער 27, 1916.

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# מיינע לידער

מיינע לוסטיקע געזאַנגען,
מיינע טרויעריקע קלאַנגען,
פון אַ נשמה, וואָס זי בענקט,
און זי פלאַקערט און זי קרענקט;
ווערן לאַנגזאַם אויסגעלאָשן
ווי אין בייזן תהום פאַרשלאָסן.
און קיין שפורן לאָזן זיי,
ווי אין מדבר פרישער טוי.

ניו יאָרק, דעצעמבער 20, 1915.

# קינדער

אַזוי ווי די בלומען, וואָס וואַקסןביים וועג
און מאַכן געמיטלעך דעם גייער זיין וועג,
אַזוי זייט איר, קינדער, אין טעג פול מיט זאָרגן —
אַ לויטערער שטראַל אין אַ גרויען פרימאָרגן.

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# ד י  מ אַ מ ע

(מיין טייערער מאַמען געווידמעט)

צי בין איך אויפגערעגט אַמאָל,
צי קלינגט מיט ליבשאַפט אָפּ מיין קול,
און רעד צום קינד איך צערטלעך ווען,
דערקען איך ענלעכעס אין דעם.

און וואַך איך אויף אין מיטן נאַכט,
ווען האַלב דער פענסטער איז פאַרמאַכט,
און דעק באַלד איין מיין נאַקעט קינד,
דערמאָן איך ענלעכעס געשווינד.

און ווען איך שלאָף צוריק שוין איין,
דאַן שוועבט אַ ליבער גייסט אַריין
און גיט מיין האַנט אַ צאַרטן ריר, —
דאָס וואַכט מיין מאַמע איבער מיר.

ניו־יאָרק, נאָוועמבער 19, 1919.

# אין הערבסט

איך ליב דיך, טרויעריקער הערבסט,
מיט דיינע וואָלקנס, מיט דיין רעגן,
איך בין אַליין אַ קינד פון הערבסט,
אַ הערבסט־טאָג איז מיין גאַנצער לעבן.

איך ליב דיך, טרויעריקער הערבסט,
מיט דיינע פענסטער נאַס פון טרערן,
איך ליב דעם אומעט וואָס דו וועקסט
נאָך וואָס געווען, און וועט ניט ווערן...

איך ליב דיך, טרויעריקער הערבסט,
מיט דיינע אומעטיקע וועגן,
איך בין אַליין אַ קינד פון הערבסט,
אַ הערבסט־טאָג איז מיין גאַנצער לעבן!

ניו יאָרק, 1920.

רחל ליננאָוו

# צו מיין טאָכטער, אסתר

איך ליב דיך, מיין קינד,
נאָר דעם מענטש מער אין דיר,
און וואָס עלטער דו ווערסט,
און איך קאָן דיך פאַרשטיין,
אַלץ נעענטער ווער איך פאַרבונדן.

און בליצט דורך אַ שטראַל
אין דיין קינדערשן אויג,
אַן אָנזאָג פון עטוואָס אויף מאָרגן,
פאַרגעס איך מיין פיין און פאַרבאָרגענע ווייַ
פאַר מיינע פאַרלוירענע יאָרן.

געשריבן אין 1920, ניו יאָרק.

# עס בעט מיך מיין חבר...

עס בעט מיך מיין חבר
די לידער צו קלייבן;
ער וויל זיי ווען דרוקן,
אַ זכר זאָל בלייבן.

איך קוק און איך שמייכל
און מאַך קנאַפּן ווען;
אַז דו׳סט זיי שוין דרוקן,
ווער וועט זיי דאַן לעזן?

ר ח ל ל י נ אָ ו ו

# אין הערבסט ביים ים

אַזוי ווי נאָך אַ היים,
פאַרבענק איך זיך נאָך דיר,
דו, ווייטער אומענדלעכער שטח
פון ווייסן שוים און אומרואיקע כוואַליעס.

דיין זאַמדיק שטילער ברעג,
פון אַלעמען פאַרלאָזן,
האָט אָפּט מיין פוס באַוועגט
צום טרוימענפולן גאַנג.

אַ שטילער פייף פון ווינט
און מחנות שוואַרצע פייגל
דרייען זיך אין אומרואיקן קרייז.
די אומעטיקע זון
מיט אירע קאַלטע שטראַלן
טונקען זיך אין קאַלטן וואַסער אָפּ.
אַ קליינער פייערל, פון עמיצן פאַרגעסן,
דערמאָנט מיר אָן די טעג
פון פריילעכן גערויש.
און דאָרטן אויפן בערגל
גרינט נאָך פריש דאָס גראָז,
און ס׳שטייען בענק,
פון קיינעם ניט באַזעצט.

## לירישע קלאַנגען

און ווייכע קופּעס בלעטער
ביי יעדן בוים צופוסנס
שאָרכן פריילעך אָפּ
נאָך יעדן פלינקן טראָט.
אַ גרויסער קעניגרייך
פון וועלקן און פון בענקען...
דאָך אָטעמט אַזוי פריי
דיין ניט־געצאַמטע ברוסט!

אָקטאָבער 20, 1922.

רחל ליגאָוו

# אין פרילינג

שיין איז דער פרילינג,
דאָס זאָגט מיר דער בוים ביי מיין פענסטער,
דער הימל אַנטקעגן.
אָבער דאָס פעלד מיט די גאָלדענע וועגן,
דעם דופטיקן היימישן וואַלד
וועל איך מער שוין ניט זען.

אויגוסט 26, 1922.

# פאַרנאַכטיקע רו

פאַרנאַכטיקער הימל! פאַרנאַכטיקע רו!
איך ליב אין די פענסטער צו קוקן,
און רוען אַליין אין געמיטלעכער רו
מיט שטאַרע פאַר׳חלומ׳טע בליקן.

צעאַקערט, אַזוי ווי פון שטורעם אַ ים,
אַזוי איז אין האַרץ אַלץ צעאַקערט;
געבליבן ביים ברעג איז פאַראַנקערט אַ שיף,
וואָס רייסט זיך אין ווייטע מרחקים.

רחל לינאָוו

# ביים ים

עס שפּיגלען זיך גאָלדענע בלומען אין וואַסער
ווייט — ביז צום הימל אַוועק;
עס טראָגן זיך פלינקע און פריילעכע שיפן
אין ברייטן און זוניקן וועג.

עס דרייען זיך מעכטיקע רעדער אין וואַסער —
דאָס יאָגט זיך נאָך כוואַליעס דער ווינט;
דאָ טונקלט פאַר׳חלומ׳ט אַ ברעגיקער שאָטן,
דאָרט לויטערט דער הימל אַצינד.

עס הויבט אָן אַ קינדערשע פרייד דיך צו וויגן —
דו ווייסט ניט וואוהין.
עס טראָגט דיך דער דמיון אויף רואיקע פליגל
פון זון און פון ליכט.

אויגוסט 6, 1929

# ביינאַכט

עס ציט דורכן פענסטער דער בוים,
עס סוד׳עט זיך בלעטל מיט בלעטל,
אַזוי האָט געשושקעט אַ בוים
אין ליבן און היימישן שטעטל.

עס רופט דורכן פענסטער די נאַכט,
דער וועג איז פאַרזילבערט געוואָרן,
אַזוי האָט גערופן דער וועג
דורך פעלדער פאַרזייטע מיט קאָרן.

עס רייצט דורכן פענסטער אַ קלאַנג
פון יוגנט און דופטיקע שטונדן,
און ס׳טוט אין דער שטיל אַזוי באַנג:
דיין יוגנט אויף אייביק פאַרשוואונדן!

סעפטעמבער 5, 1922

רחל לינאָוו

# אַ זומער נאַכט אין שטאָט

אַ קינד האָט געוויינט אין דער יוליקער נאַכט,
ניט געלאָזן די שכנים דאָרט שלאָפן.
די לופט האָט געבריט, עס האָט אָטעם געפעלט,
זיינען אויגלעך מיט טרערן פאַרלאָפן.

איז דער טאַטע אַוועק מיט אַ ברוגז פון בעט,
זיך ערגעץ וואו שלאָפן באַמיען;
עס וואַרט נאָך אַ טאָג פול מיט פראַצע און יאָך,
ווי וועט ער דעם אָוונט דערציען?

געוואַכט האָט די מאַמע אַ גאַנצענע נאַכט,
מיט מידע פאַרשלאָפענע אויגן;
און עס האָט איר די יונגע צעווייטיקטע האַרץ
צו פעלדער צו קילע געצויגן.

# היימאַט

אין מיין האַרצן דער ריח
פון פעלד איז פאַרבליבן,
דער אָנבליק פון טייכן,
דער רויש פון דעם וואַלד.

ניט שטאָט און ניט שטיין
האָבן פון האַרצן פאַרטריבן
פון ווייטלעכער היימאַט
די צויבער געשטאַלט!

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# צו מיין אייגענעם בילד

מיר זענען איצט אַזוי ווי פרעמדע,
דו, די אַכצניאָריקע, און איך.
מיינע זענען אויגן אומעטיק און ערנסט,
דיינע — לייכטזיניק און דרייסט;

מיינע האָר שוין שטאַרק באַזילבערט,
דיינע — קראָאיק שוואַרץ.
דאָך זוכנדיק אין די אַלטע כתבים
ווייס איך ווער דו ביסט.
מיך, די עלטערע, און דיך, די יונגע,
האָט איין נאָמען גאָר פאַרמישט.

וואַשינגטאָן, אַפּריל 4, 1928

# שפּין איך לידער

מיין צער מיט ליד
כ׳וויל פאַרשפּינען;
די גרויע שעה
כ׳וויל באַזונען.

שפּין איך לידער,
קורץ און לאַנג;
פאַרגייט מיין צער
ווי שטיל געזאַנג.

לויפט זיך, לויפט
די צייט פאַרביי;
בלייבן לידער
מיר געטריי.

בלייבן לידער
מיינע היטער;
פאַרגייט מיין טאָג
אַ העל־צעגליטער...

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# צו אַן איינזאַמען מענטשן

(לויט אַ פאָלקס־מאָטיוו)

שטייט אַ בוים אין מיטן פעלד,
אויסגעפּוצט מיט גרינע צווייגן;
וויפילביימער אויף דער וועלט —
וועט דער איינזאַם דאָ פאַרבלייבן.

קוקט זיך אום דער גרינער בוים,
שאָקלט מיטן קאָפּ דערבײַ;
„ווי קיל מיין שאָטן זאָל ניט זיין —
גייט דאָ קיינער ניט פאַרבײַ״.

שטייט דער בוים אַזוי פאַראומערט
און פאַרגיסט אַ גרינע טרער;
איין זאַך וואָלט ער וועלן וויסן —
ווער געבראַכט האָט אים אַהער?

ס'קען דער ווינט דעם סוד דערקלערן,
ער האָט ניט לאַנג געטראַכט,
און האָט אַהער אין פעלד, אין ווייטן,
אַן איינזאַם קערענדל געבראַכט...

# ברעטער

דער ריח פון וואַלד
האָט פאַרבלאָנדזשעט אין שטאָט
דורך ברעטער דורך ווייסע,
צעשניטענעביימער;

פאַרלוירן דעם מאַנטל דעם גרינעם,
דעם דופט פון די צווייגן;
נאָר די זאַפט פונעם האַרצן
איז אין ברעט נאָך פאַרבליבן —
אַ שפּור פון דעם קרעפּטיקן בוים.

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# מ י ט ן  אַ ק ע ר

עס ווילט זיך מיט אַן אַקער מיר
אָפּט דורכגיין דורך דער ערד
און טיף צעאַקערן דעם באָדן פון דאָס ניי
און אויסוואָרצלען די גיפטיק־ווילדע גראָזן,
און זוימען נייע וואַרפן אין צעאַקערטן באָדן,
מיט ריינער קוואַל־וואַסער פון אויבן עס באַגיסן.
און גרינע פרוכטבאַרקייט זאָל בליען אויף דער ערד,
נאָר ניט די ווילדע גראָזן!

# אַלט און ניי

שווער איז צו בויען דאָס נייע,
דאָס אַלטע שטייט גלייך ביי דער האַנט ;
און ווילן וואָס אויפטאָן די פרייע,
פאַרצאַמען די שקלאַפן אַ וואַנט.

דאָך פאַלן די גרוי־אַלטע טורעמס,
דאָס נייע דערגייט זיך זיין וועג,
אַזוי שלאָגט אַ שיף זיך דורך שטורעמס
און קומט מיט די זעגלען צום ברעג.

וואַשינגטאָן, אַפּריל 3, 1928

# ווידערשפּרוך

ווי אַנדערש מיר לעבן
פון דעם וואָס מיר טרוימען,
ווי אַנדערש מיר טוען
ווי דאָס וואָס מיר פילן.

עס פּאַטשן די פליגלען
אַזוי ווי ביים אָדלער,
און ס׳טרעטן די פיס אין אַ זומפּ.

# נייע לידער

מיר האָבן דעם אָוונט אין צווייען פֿאַרבראַכט,
איך און דער וואַרעמער אויוון;
געקוקט אין די פלאַמען און לאַנג זיך פאַרטראַכט
פון צייטן וואָס לאַנג שוין פאַרפלויגן.

געטראַכט פון אַ ווייסן און שנייאיקן לאַנד
מיט קליינע און וואַרעמע שטיבער,
אָט דאָרט איז מיט שנייען און גלעקל-געקלאַנג
מיין שטורמישע יוגנט אַריבער.

עס טראָגן זיך שליטעלעך איצט אין דער נאַכט
און זילבערנע גלעקלעך נאָך קלינגען,
נאָר די וואָס עס טראָגן זיך האַסטיק אין זיי
גאָר אַנדערע לידער איצט זינגען.

וואַשינגטאָן, פעברואַר 11, 1928

רחל לינאָוו

# פרילינג שטימונג

ביים שפּראָצן פון פרילינג,
ביים בליען פון בוים,
ביים זינגען פון לוסטיקן פויגל
גליען אין האַרצן ניט מער קיין געפילן.

פאַרגאַנגען די צייט;
נאָר עס בליט דאָרטן לעבן,
עס טראָגט דאָרט אַ שטרעבן
און ווערטער צו טרייסטן די וועלט!

1928

# עפּעס וועט דער פרילינג ברענגען...

עפּעס וועט דער פרילינג ברענגען,
אויב ניט זונשיין, זאָל זיין רעגן,
אויב ניט פרישע, גרינע גראָזן,
זאָל זיין בלאָטעס אויף די וועגן.

עפּעס וועט דער פרילינג ברענגען,
אויב ניט פרייד, זאָל זיין כאָטש בענקען,
אויב ניטאָ קיין נייע שטורעמס,
זאָלן אַלטע זיך געדענקען.

וואַשינגטאָן, פעברואַר 10, 1928

רחל לינאָוו

# הויז-אַרבעט

(ליד פון דער הויז־פרוי)

איך וואָלט ערגעץ שטיינער געהאַקט,
וואָלט אפשר אַ שפור פון מיין פראַצע געבליבן.
איך וואָלט ערגעץ בוימער געזעגט,
וואָלט אַ וואַנט אין אַ הויז זיך פאַרקליבן.

מיין גורל איז וואַסער צו שטייסן אין אייגענע פיר איילן,
און קיינער וועט קיינמאָל מיין מי ניט באַלוינען,
און קיינער די פרוכטלאָזע
טעג מיינע ציילן.

# דיין פּאָן, די האַלב צעטראָטענע...

דיין פּאָן, די האַלב־צעטראָטענע, מיין שוועסטער,
וויל איך האַלטן הויך.
פּאַר דורות, דורות לאַנג האָבן דיך קייטן אייזערנע געבונדן.
פריער האָט מען דיך מיט צאַצקעס גאָלדענע געפאַנגען,
און שפּעטער מיט די צאַרטע קינדער הענט געבונדן.
מיט ענגע, בלינדע ווענט פאַרצאַמט דיך פון דער וועלט.
עס האָט געשטיקט דיין ברוסט און לופט האָט דיר געפעלט;
האָסטו צעשפּאַרט די ענגע ווענט און אָפּגעאָטעמט פריי.
און גייסט אַ וועג אַ נייעם איצט מיט מונטער פעסטע טריט.
דיין פּאָן, די האַלב־צעטראָטענע, וועסטו דערהויבן הויך.

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# ש ט י פ ע ר י י

ווינטער אויפן אויוון, זומער אויף דער זון,
אַז מען מישט אויס מעל מיט הויוון, ווערט אַ טאָרט דערפון.
ווינטער אויפן אויוון, זומער אויף דער זון,
אַז מען וואַרעמט אויס די בעקלעך, ווערט אַ פאַרב דערפון.

ווינטער אויפן אויוון, זומער אויף דער זון,
אַז מען נעמט זיך ביי די הענטלעך, ווערט אַ ראָד דערפון.
און אַז רעדל דרייט זיך, הויבן זיך די פיס,
ווערט שוין ווער אַ לידל צוזינגען געוויס.

ווערט דאָס לידל קלינגען אין דעם דרויסן פריי
און די הערצלעך פריילעך צוקלאַפּן דערביי.

# ערגעץ וואו . . .

ערגעץ הויבט זיך אָן מיין בענקשאַפט,
העט, אין ערגעץ ווייט!
אפשר גאָר אין זיידנס שטיבל,
אָדער גאָר אין אדם׳ס צייט!

ערגעץ הויבט זיך אָן מיין אומרו,
העט, אין ערגעץ ווייט!
צווישן וואַנדערדיקע שבטים,
אָדער גאָר אין אדם׳ס צייט!

ערגעץ הויבט זיך אָן מיין אומעט,
העט, אין ערגעץ ווייט!
צווישן ווילדע אין דער פינסטער,
אָדער גאָר אין אדם׳ס צייט!

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# איינזאַמקייט

עס וועט קיין פריינט ניט עפענען מיין טיר,
ניט זאָגן מיר אַ פריילעכן „גוט אָוונט״ ,
נאָר שטענדיק פרעסן דיך די זעלבע גרויע ווענט.
און שטענדיק גרוי פאַרשווינדט אַזוי דאָס לעבן.

און דאָרטן אויף דער אַנדער זייט פון טיר
שטראָמען מענטשן פול מיט אימפעטיקן שטרעבן,
און עס ציט אַזוי, עס רופט אַזוי ביז ווײ
דאָס פאַרביקע, דאָס קאָכעדיקע לעבן.

# פאַרלוסטן

ווי‎פל קראַפט עס ווערט פאַרלוירן!
וויפל פונקען אָנגעוואוירן;
וויפל טרוימען ניט דערטרוימטע,
וויפל פריידן ניט דערבליטע,
וויפל קינדערשע באַגערן
ווערן אויסגעמישט מיט טרערן,
וויפל האַרציקע פאַרלאַנגען
ווערן קיין מאָל ניט דערפילט!
וויפל הייסער יונגער שטרעבן
ווערט צעטראָטן פון דעם לעבן,
וויפל שוואונג עס ווערט באַגראָבן
אין דער רויבערישער וועלט!

ר ח ל ל י נ אָ ו ו

# אויף וואָס?

(מיין טייערער מאַמען געווידמעט)

אויף וואָס איז דיר, מאַמע, דיין יוגנט אַוועק?
די שיינע, די בליענדע יאָרן?
אויף קינדלען, אויף צרות, אויף קרענק אָן אַן עק
ביז גרוי איז דער קאָפּ דיר געוואָרן.

געדענקסט האָסטו, מאַמע, עס מוז אַזוי זיין,
פאַר דעם איז די פרוי דאָך באַשאַפן!
צו טראָגן דעם יאָך, ווי עס הייסט דער געבאָט,
צו ליידן, און שווייגן, און שקלאַפן.

נאָר אַנדערע דורות געקומען נאָך דיר,
מיט שטאָלצן באַוואוסטזיין און שטרעבן,
און ברענגען דעם אָנזאָג פון ליכטיקע פרייד, —
אַ פרייען און שענערן לעבן!

# פאַרגאַנגענע יאָרן

פאַרגאַנגענע יאָרן, פאַרלוירן אויף וועגן,
זיי שפּראָצן אויף פּלוצלונג ווי בלומען נאָך רעגן,
באַשיינען, באַלויכטן די היינטיקע טעג,
און מאַכן אונדז גרינגער דעם זאַמדיקן וועג.

ברייטן ביטש, 1947

רחל לינאָוו

# מענדעלע מוכר ספרים

זיידע טייערער,
דער צויבער פון דיין שאַפן
ווערט פאַר מיר ניט אַלט,
און כאָטש דו רוסט שוין לאַנג
אין ווייטן פרעמדן לאַנד,
שוועבט פאַר מיינע אויגן
דיין וואונדערלעך געשטאַלט.

# עס לעבט אונדזער גייסט

(געווידמעט הירש גליק)

עס שטאַרקן אונדז ליידן,
עס מוטיקט די נויט;
מיר שאַפן אויך לידער
אין שאָטן פון טויט...

איר מעגט אונדז פאַרהאַסן,
פאַריאָגן צוגלייך,
דאָך מאַכט אונדזער גייסט
אייער וועלט אימער רייך.

און וועט אַמאָל קומען
אַ בעסערע וועלט
אָן האַס, אָן געראַנגל,
אָן הונגער, אָן קעלט,

און ס'וועט לעבן ווי ברידער
דער מענטשלעכער שטאַם,
וועלן לייכטן די נעמען
פון אונדזערע העלדן —
אַ ליכטיקער פלאַם!

# עס איז דאָך גוט צו זיין אַ ייד...

מיט אַ קלאַפּ, צי אָן אַ קלאַפּ,
עס איז דאָך גוט צו זיין אַ ייד.
טוט אַ ווייטיק וואו אַ כאַפּ,
פאַרזינגט מען מיט אַ ליד.

אויסגעשפּרייט און ווייט פאַרשפּרייט
אויף אַלע עקן וועלט,
וואַרעם איז אַ יידיש האַרץ,
כאָטש עס ברויזט אַ ווילדע קעלט!

מיט אַ קלאַפּ, צי אָן אַ קלאַפּ,
עס איז דאָך גוט צו זיין אַ ייד.
טוט אַ ווייטיק וואו אַ כאַפּ,
פאַרזינגט מען מיט אַ ליד.

# פאַרגיב מיר!

פאַרגיב מיר, מיין ליבער,
אויב מיין וואָרט איז פאַרביסן —
איך מיין ניט דיר וויי טאָן,
דיר דאַרף ניט פאַרדריסן...

אַמאָל, אַז מיר קריגן
אַ שטעכיקן דאָרן —
דאַרפן מיר לערנען
דאָס נעמען אָן צאָרן...

פאַרגיב־זשע מיר, ליבער,
אויב אין נאַכטיקן קלאַנג
איך זוך ווען צו שטילן
מיין שטומען פאַרלאַנג.

איך וועל ניט פאַרבלאָנדזשען,
איך פלאַטער נאָר אום —
מיין פליגל דאָך שאָרכעט
אַזוי שטיל, אַזוי פרום.

פאַרגיב מיר, מיין ליבער,
אויב מיין וואָרט איז פאַרביסן;
איך מיין ניט דיר וויי טאָן,
דיר דאַרף ניט פאַרדריסן.

# ווי אָפּט . . .

וויִ אָפּט אין אייער בענקשאַפט
זע איך זיך אַליין,
אַ האַרץ וואָס קאָן נאָך פילן
קאָן אייך גוט פאַרשטיין.

מיר ווערן גלייך געטריבן
אין לעבנס שווערן גאַנג;
ווילט זיך טרייסט געפינען
אין לירישן געזאַנג.

# די נאַכט

(חברה פערל שטאַרק, געווידמעט)

די נאַכט, ווי אַ קלוגער און טייערער זיידע,
ברענגט אימער אַ רואיקע שטילקייט מיט זיך,
ווי נאָענטע פריינט, מיר באַהעפטן זיך ביידע,
די שטונדן זיי לויפן, זיי לויפן אויף גיך.

דאָס זענען די שטונדן פון חשבון הנפש,
פון וועגן און מעסטן בייטאָגיקע טריט,
און ביזטו אַן עוולה באַגאַנגען אין עפּעס,
די נאַכט, ווי אַ האַרציקע מאַמע, פאַרגיט!

הערבסט, 1949

רחל ליניאָוו

# זיי שטיל, מיין האַרץ

זיי שטיל, מיין האַרץ,
דו לאָז זיך ניט פאַרפירן,
אַ בלום וואָס בליט צו שפּעט
וועט זיכער דאָ פאַרפרירן.

אַזוי איז אויך מיין חלום,
אַ לעבן לאַנג געוועבט,
אַוועק איז לאַנג מיין זומער,
עס שטייט שוין דאָ דער הערבסט.

עס וועט נאָך אויך שוין קומען
דער קאַלטער ווינטער באַלד,
פאַרוועלקט איז יעדעס בלימל,
און נאַקעט איז דער וואַלד.

אַזוי איז אויך מיין חלום,
אַ לעבן לאַנג געוואַרט,
אָ, לאָז זיך ניט פאַרפירן,
מיין אומרואיקע האַרץ!

נאָוו. 1950

# צו אַ פּשוט׳ער הויז־פרוי

אָפּטמאָל וואונדערט מיך וואו נעמסטו
דיין געדולד צום גרויען לעבן,
נעמסט פאַר זיך דאָך אַזוי ווייניק,
און דו ווערסט ניט מיד צו געבן.

און געבענטשט ביזטו, מיין שוועסטער,
מיט אַזוי פיל אַרבעטס פאַכן.
וואו מען דאַרף אַ טוצן מענטשן,
קאָנסטו אַלץ אַליין דאָס מאַכן.

ביזט אַ בעקערן צום באַקן,
און אַ נייטאָרין די בעסטע,
און אַז טרעפט ביי דיר אַ חולה, —
ווערסטו גלייך אַ קראַנקן־שוועסטער.

ביזט אַ מאַמע, ביזט אַ חבר,
ביזט אַ ווירטין, ביזט אַ דינער,
און ווען ס׳קומען שלעכטע צייטן,
ווערסטו אויכעט אַ פאַרדינער.

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

זאָג נאָר, וואו דו נעמסט די כחות,
שעפּסט זיי וואו פון וועלכע קוואַלן?
זיי דערהאַלטן דיך ביים לעבן
וואו אַ גיבור וואָלט געפאַלן!

מאַי, 1950

# שטיל ווי דער וואַלד

(מלחמה־מאָטיוו)

שטיל ווי דער וואַלד, וואָלט איך וועלן
איצט ליגן פאַרזונקען אין חלום;
ליגן אַזוי, ביז עס וועט אויף דער וועלט
זיך ווידער פאַרשפּרייטן דער שלום.

און זאָל דערווייל בלייבן ס׳געוועב פון מיין ליד,
אינמיטן ווען כ׳האַלט עס אין שפּינען;
און בלייבן זאָל אויך מיין יעטוועדער גליד,
פאַרגליווערט אינמיטן דערינען.

אַזוי וועלן מער מיינע ווערטער אויף שורות
ניט גליען מיט פּיינלעכן וויי,
אויף הרוגים, וואָס ליגן צעוואָרפן אין הרודעס,
פאַרשאָטן מיט בלוט־רויטן שניי...

ניט רייסן זיך מער מיט קלאָג און געוויין
צו מענטשהייט, פאַרטויבט פון קאַנאָנען;
צו הערצער, וואָס זענען נאָך האַרטער פון שטיין —
דעם הייליקן חוב זיי דערמאָנען...

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# פאַראָדיע אויף אַ פּאָפּולערן פאָלקס־לידל

(צום ניגון פון „אונטער אַ קלייןביימעלע")

צווישן ענגע ווענטעלעך,
זיינען דאָ חברות צוויי;
זיי ריידן פון אַ ראָמעדזשל,
קיין זאַך קימערט זיי!

דערציילט איינע די נסים גרויס
וואָס זי האָט געהאַט,
כאַפּט איר באַלד די צווייטע אָן,
דערציילט איר אַקוראַט.

„איך פלעג", זאָגט זי, „גאַנצע טעג
זיצן ניט געגעסן,
געוואַרט אַלץ אויף אַ קאָסטימער,
ס'האָט די טיר זיך ניט געעפנט.

רעגן, שניי און שטורעם־ווינט,
קיין זאַך ניט געאַרט,
נאָר ביז מען לייזט אַ קוואָדערל,
ווערט מען אויסגעדאַרט".

1949

# ווייטע וועגן

ברייטע וועגן, ווייטע שליאַכן,
אַי, זייט איר מיר ליב און טייער!
איז דאָ ערגעץ וואו אַ מקום
וואו אַ האַרץ קאָן קלאַפּן פרייער?

ברייטע וועגן, ווייטע שליאַכן,
כ'וואָלט מיט פרייד אויף אייך געטראָטן,
און גערוט וואו ביי אַ וועלדל,
אין אַ קילן, גרינעם שאָטן.

ענג און שמאָל זענען די גאַסן
און נאָך ענגער די פיר ווענט,
ציט אַזוי צו ווייטע וועגן,
זיך צעפירן מיט די הענט!

מאַי, 1950

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# אין די וועגן פון שענאנדאהא

עס שטייען הויכע ריזן,
מיט געגרייזטע לאָקן:
אַלט שוין וויפיל יאָרן
איז דאָ אַיעדער זקן?

ליגן אונטן הייזלעך,
אויסגעשפרייט ווי קאָרטן,
און דו פרעגסט, פאַר׳כישופ׳ט:
„וואָס עס טוט זיך דאָרטן?"

דאָ אַ רויטער שפּייכלער,
דאָרט אַ פעלד מיט תבואה,
און פון אויבן וואָלקנס,
זילבערנע און בלויע.

שטייסט אַזוי באַצויבערט,
זעסט אייביקייט פון צייטן.
שטאַרקער ווערט דיין בענקשאַפט
נאָך אַ לאַנד אַ ווייטן.

יוני, 1950

לירישע קלאַנגען

# צו דער טייערער חברה, ליזע קעץ

פאַר וואונדערבאַר דעקלאַמירן שניאוריס „פון ליטווישן גאָרטן".

ווי שיין דו דערציילסט אונדז פון ליטווישן גאָרטן,
מיט וואָס פאַר אַ צאַרטקייט, און ליבע, און חן,
דו מאָלסט פאַר די אויגן דאָס קרויט און קאַרטאָפל,
די אוגערקעס גרינע, די מערן און כריין.

און ניט נאָר דעם גאָרטן, דו ברענגסט אויך דאָס שטעטל,
וואו עס האָבן די טאַטעס און מאַמעס געלעבט,
און דאָרטן אויף שטילע און איינזאַמע גאַסן
דעם אייביקן חלום אין גלות געוועבט.

עס דוכט זיך, עס גרינט נאָך דאָרט ערגעץ דער גאָרטן,
אויך אונדזער שטעטל — זי לעבט אויף צוריק;
און עס ציט זיך פון דאַנען צום ליטווישן גאָרטן
דער לאַנג שוין צעשטערטער, פאַרשוואונדענער בריק.

יוני 17, 1952

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# אַ ביסל פרייד

(וואָס דער לייען־קרייז מיינט פאַר אונדז)

מיר טראָגן דעם עול פון דעם טעגלעכן יאָך
אַנטקעגן דער גרויקייט פון לעבן.
עס האָט דער שיקזאַל אין זיין האַסטיקן גאַנג
אונדז ווייניק ימים־טובים געגעבן.

בענקט זיך אונדז שטאַרק נאָך אַ ביסעלע רו,
אַ פאַרביקער שטונדע, אַ האַרציקער ליד !
געזונגען אַמאָל וואו געוואוינט האָט אַ ייד.
— — — — — — — — — — — — —

פאַרגינט אונדז דעם נחת, פאַרגינט אונדז די פרייד,
פאַרטרייבט ניט דעם יום־טוב מיט ביטערע רייד !
מיר זוכן קיין תכלית, באַפליגלטע רייד ;
אין דער  א י י ג ע נ ע ר  שפּראַך ליגט דער יום־טוב, די פרייד !

יאַנואַר 7, 1957

# פורים ביי אונדז אין שטעטל

עס קומען צופליען די קינדערשע יאָרן.
אַ שטעטל, אַ ווייטע, אין שנייען פאַרפרוירן,
אַ שטיבל, אַ קליינע, אַ מאַמע, אַ ליבע,
פאַרטרייבט ווי מיט כישוף די שטונדן די טריבע.

עס ציט אַזוי לאַנג זיך דער ווינטער, דער קאַלטער,
ער וויל נאָר פאַרבלייבן וואָס לענגער, דער אַלטער.
עס ברויזט זאַווערוכע און טרייסלט די דעכער,
עס לויפט אום דער ווינט מיט אַ שנייאיקן פעכער.

נאָר אָט שיינט די זון שוין, די טעג ווערן לייגער,
עס הענגען פון דעכער געפרוירענע שטייגעס,
און ריטשקעלעך לויפן אויף זוניקע גאַסן,
עס לייגן זיך שטראַלן ווי גאָלדענע פאַסן.

עס ווערט מיט אַמאָל גאָר אין הויז ב׳אונדז אַ שטורם,
מען וואַשט די פאָדלאָגעס, מען גרייט זיך אויף פורים.
מיר פרייען זיך, קינדער, ביז גאָר מיט מתנות,
מען לייגט אויס אויף טעלער אַ ראָד שלח־מנות.

אַ טערטל אין מיטן, ביים ראַנד אחשורוש,
און המן, און מרדכי, און אסתר, און זרש,

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

ס׳וועט ווערן אַן אויסטויש, אַ גאַנצער יריד,
ס׳וועט גיין שלח־מנות אַהין און צוריק.

עס עפנט אַ טיר זיך, ס׳גייט בערל דער שוסטער
אַרויס מיט די זין פון זיין שטיבל דער פּוסטער,
ער איז היינט אַ מלך, די זין זיינען שררות,
ער דאַרף זיין מלאכה היינט גאָר אויף כּפּרות.

פאַרפּוצט האָט זיך בערל ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ מלך.
פאַרשוואונדן די זאָרג, און דער פּנים איז פריילעך,
אַ זילבערנער גאַרטל, אַ גאָלדענע שווערד,
ער טרעט מאַיעסטעטיש אויף פּערסישער ערד.

ער הויבט אָן צו זינגען פון מרדכי און המן,
פון אסתר המלכה די שבחים דערמאָנען,
מיר זינגען מיט, קינדער, און לויפן אים נאָך.
ווען פּורים געדויערט אַ גאַנצענע וואָך!

פאַרגאַנגען די צייטן, די קינדערשע יאָרן,
זיי ליגן גאַנץ ווייט אונטער שנייען פאַרפרוירן.
אויף אונדזער שטעטל ווי זאַמד איז צעריבן,
און דאָך איז דער יום־טוב פון פּורים פאַרבליבן!

וואַשינגטאָן, מערץ 10, 1952

# ערב פרילינג

ריטשקעלעך קליינע
שוין פליסן אויף שליאַך;
עס לאָזט שוין דאָס טייכל,
עס רינט שוין פון דאַך.

עס וועקט זיך דער וואַלד איצט,
עס אָטעמט שוין ערד;
אַוועק יאָגט דער ווינטער
גאַלאָפּ, ווי אויף פערד.

נאָר פראָסט אין מיין האַרצן
האַלט בייז אין איין ווייען,
און לאָזט מיך ניט מערער
מיט פרילינג זיך פרייען...

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# אברהם רייזענ׳ס לידער

דער דיכטער מיט דער גרויסער האַרץ
(אברהם רייזענען געווידמעט)

ווי אַ מילדער פרילינגס ווינטל
טוט אַ ווײַ צו מיר דײַן ליד,
פול מיט גוטסקייט, מענטשן־ליבע,
פון אַ האַרץ וואָס ווערט ניט מיד!

ברענגסט צוריק די יונגע יאָרן,
און די לאַנג־צעשטערטע היים,
ברענגסט מײַן מאַמען, ברענגסט מײַן שטיבל
און דעם אַלטן, הויכן בוים.

אַלעס וואָס געווען דיר טײַער,
סײַ אין פריידן, סײַ אין שמאַרץ,
איז פאַר מיר אַזוי פאַרשטענדלעך
און ברענגט אָפּקלאַנג אין מײַן האַרץ!

מאַי 18, 1952

# טראַכט ניט

עס ווילט זיך מיר אַ ווײַלע טראַכטן,
באַנעמען זאַכן אין דער שטיל,
שטייט אַ טעפּל אויפן אויוון,
ליגט אַ בעזים אויפן דיל.

„העי, פאַרנעם זיך, בעל־הבית׳טע,
וואָס האָסטו פאַרטראַכט זיך דאָרט?
נעם זיך גיכער צו דער אַרבעט,
עס שטייט דער טאָג ניט אויף איין אָרט“.

נעם איך פלינקער זיך אַרומגיין,
און דאָס טראַכטן איז שוין ווײַט.
נאָר איך וועל שוין שפּעטער לייען
פון דער נאַכט אַ ביסל צײַט.

רחל לינאָוו

# צו חיים גראַדע

וואו איר זאָלט מיך באַגעגענען,
וואָלט איר מיך ניט באַמערקט,
עס איז קיין וואונדער פנים
מיר געווען באַשערט.

אויך ווען איר רעדט צו מיר,
איז ווייניק וואָס צו שאַצן,
נאָר טיף אין זיך טראָג איך אום
קרישטאָלענע פּאַלאַצן.

יאַנואַר 17, 1951

לירישע קלאַנגען

# דיין אַוועקגיין

דעם פאַרשטאָרבענעם טייערן
אברהם רייזענען — צום זכרון

עס דוכט זיך מיר אַז גאַסן וויינען,
וואו געשטעלט האָסטו אַ טראָט,
ווייל באַשטראַלט האָט דאָרט דיין שמייכל
יעדן ווינקל, יעדן אָרט.

אויך די קינדער וועלן זוכן
דיין „גוט מאָרגן" און דיין גלעט,
ווייל געווען ביזטו אַ טאַטע
ווען דו האָסט צו זיי גערעט.

געווען ביזטו געבענטשט מיט ליבשאַפט,
ניט מיט גדלות, ניט מיט האַס,
וועט באַוויינען דיין אַוועקגיין
יעדער ווינקל, יעדע גאַס!

מאַי 4, 1953

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# וואָס כיהאָב ליב

אַלע זאַכן וואָס איך ליב דאָ
זענען ניט פון גאָלד,
ניט פון זילבער, פון בריליאַנטן,
און מען קויפט זיי ניט פאַר געלט.

אַלע זאַכן וואָס איך ליב דאָ,
זענען געוועבט פון זונען־שטראַל;
ניט מ׳דאַרף זיי זוכן, קויפן,
נאָר מ׳טרעפט זיי איבעראַל...

וואַשינגטאָן

# די שעה פון רו

צי ווייסט איר ווער
דעם צויבער פון דער נאַכט?
די שעה פאַר דעם וואָס רוט,
די שעה פאַר דעם וואָס טראַכט?

ווען רעדער קלאַפּן ניט,
און לאַנגזאַם גייען באַנען,
און ווייכער ווערן טריט
פון איינזאַמע וואָס שפּאַנען.

און בילדער שווימען אויף
פאַריאָגטע אין געיעג,
און ברייגנען אונדז אַ שפּור
פון שנעל פאַרלעבטע טעג.

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# פ אָ ר ן

עס איז אַזוי טייער מיר אימער דאָס פאָרן —
גאָר ניט געפונען, דאָך גאָר ניט פאַרלאָרן.
געזעצט און געפּלויגן און גאָר ניט געוואַרט,
אַ ביסל דעם מזל דעם שווערן גענאַרט;
עס וועט זיך מיין צוג אַזוי איילנדיק טראָגן,
אפשר וועט ער מיך אַמאָל ניט דעריאָגן.

ליריִשע קלאַנגען

# אונדזער וועג

(צו מײַן יוגנט־פֿרײַנט, טאַניע)

עס ציט זיך אַ וועג ווי אַ שנור צווישן ביימער,
באַזוניקט בייטאָג, און באַזילבערט ביינאַכט,
אָט דאָרטן גאַנץ שפּעט, ווען עס גייט כמעט קיינער,
גיי איך אַליין, און פֿון דיר אַלץ איך טראַכט.

עס ווילט זיך מיר שטאַרק ביי מיין האַנט זאָלסטו מיטגיין,
מיט האַרציקייט ריידן, מיין טייערער פרײַנט,
עס האָט דער שיקזאַל אַזוי ענג אונדז פאַרבונדן,
און טייער געמאַכט אונדז דעם נעכטן און היינט.

סעפּטעמבער, 1955

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# „פּאָטערים טאָג"

גערוואַרט האָט איר לאַנג, נאָר די צייט איז געקומען,
איר, טאַטעס, זאָלט ווערן געערט,
מען וועט אייך ניט אָנטאָן בוקעטן מיט בלומען,
ס'איז בלויז אייך דער יום־טוב באַשערט.

איר ווערט דאָ געערט פאַר דער ערלעכער אַרבעט,
פאַר היטן געטריי אייער היים,
פאַר זיין די באַשיצער פון אייגענע קינדער,
צי זענען זיי גרויס, אָדער קליין.

פאַר טראָגן דעם יאָך פון מענטשלעכע נויטן,
פון אייגענעם פאָלק און פון לאַנד,
פאַר עפענען קוואַלן פון האַרצן דעם ברייטן,
פאַר עפענען ברייט אייער האַנט.

זייט אַלע באַגריסט דאָ, איר טאַטעס געטרייע,
זאָל זיכער און גרינג זיין דער וועג,
און שטאַרק זיין די הענט דורך געוויטער און שטורעם
וואָס פירן די שיפן צום ברעג.

לירישע קלאַנגען

# צו מיין ברודער הערי׳ס און שוועגערין מאַשע׳ס גאָלדענע חתונה

פופציק יאָר געשפּאַנט צוזאַמען,
ניט אימער גרינג געווען דער וועג אייך,
עס האָט געדונערט און גערעגנט,
האָט איר מוטיק דאָס באַגעגנט!

און געשפּאַנט דעם וועג אַלץ ווייטער,
געפלאַנצט צוזאַמען יונגע ביימער,
ווי שווער עס איז אייך אָנגעקומען
ניט געוואוסט פון דעם האָט קיינער!

איז פון יענע קליינע ביימער
איצט אַ וועלדל שוין געוואָרן,
האָט פון זיי גרויס פאַרגעניגן,
לעבט איך נחת אויס די יאָרן!

מערץ, 1956

רחל לינאָוו

# צו די חברות פון „אברהם רייזען לייען קרייז" צום אָנדענקען

פאַר ליכטיקע שטונדן,
און פריידיקע טעג,
פאַר מאַכן מיר לייכטער
דעם זאַמדיקן וועג,
פאַר שאַפן אַ יום־טוב
אין מיטן דער וואָך,
פאַר גייסטיק דערהויבן
דעם טעגלעכן יאָך,
פאַר האַרציקער פריינטשאַפט,
פאַר אייער דערקאָנונג,
זאָל בלייבן דאָס ליד אייך
פון מיר אַ דערמאָנונג!

יאַנואַר 6, 1956

# דרוקט ניט מיינע לידער . . .

איך בעט אייך
דרוקט ניט מיינע לידער,
עס זענען שוין גענוג
דאָ ביכער אויף דער וועלט,
וואָס ליגן שטום אין שאַפעס
אין איינזאַמען געצעלט!

און זעלטן ווען אַ האַנט
רירט זיך צו די בלעטער,
און זעלטן ווען אַן אויג
וועט אויפזוכן אין זיי
די קלאַפּנדיקע האַרץ
פון אָפּגעשיידטן דיכטער,
די לידער פון זיין לעבנס־פרייד,
די לידער פון זיין וויי!

רחל ליכאָוו

# דער צער פון דעם ניט־געלייענטן בוך

(געשריבן אין איילעניש)

בלעטער פאַרוועלקטע, פאַרגעסענע שורות,
געשריבן האָט ווער אייך מיט האַרץ און פאַרשטאַנד,
ליגט איר אין שאַפע שוין וויפיל דאָ יאָרן,
און ס׳נעמט אייך צומאָל ניט גאָר קיינער אין האַנט !

ליגן די ביכער אין צער און אין אומעט,
און ס׳גיט זיך אָפט איינער אַ טראַכט,
„אויב ניטאָ שוין דער מענטש וואָס זאָל וועלן אונדז לעזן,
צו וואָס האָט מען שרייבן באַדאַרפט ?״

יאַנואַר 3, 1956

# די צייט לויפט

זומער און ווינטער, פרילינג און הערבסט,
ווי פאַרביק זיי בייטן זיך איבער,
און איידער דו קוקסט זיך אַביסל אַרום,
אַ יאָר שוין אַ גאַנצער אַריבער!

אַזוי לויפן די יאָרן, אַזוי לויפן די טעג,
אַזוי לויפט אויך אַ לעבן פאַרביי,
נאָר עס גייט מיטן שטענדיקן סדר די וועלט,
און הויבט אַלעס אָן פון דאָס ניי!

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# ווערטער

(צו י. י. שוואַרץ, ווענעס ווערטער קומען פון האַרצן)

ווערטער באַצירטע ווי טראָפּישע פויגל,
וואָס האָבן קאָלירן אַ סך,
זיי קאָנען פאַרבלענדן אַ ווײַלע די אויגן,
זיי זאָגן, זיי זאָגן קיין זאַך!

בלויז פּשוט'ע ווערטער וואָס קומען פון האַרצן,
באַזילבערט מיט טרערן, באַזונט מיט אַ לאַך,
זיי וועלן פאַרבלייבן אונדז לאַנג אין זכרון,
זיי זאָגן, זיי זאָגן, זיי זאָגן אַ סך!

# שפעט ביינאַכט

איר ווילט ביי מיר פרעגן,
וואָס ליב איך די נאַכט?
איר שלאָפט אַלע איין
און איך זיץ און איך טראַכט.

איך זיץ זיך און טראַכט:
אין דעם שטילן געמיט
בליצט אויף אַ געדאַנק,
אַמאָל אויך אַ ליד.

דער טאָג — ער פאַרשקלאַפט דיך,
ער נעמט אַלעס צו,
זוך איך אין נאַכטיקער
שטילקייט מיין רו.

נאָוו. 1950

# ווי ווער עס קאָן

ווערט אַן אָדלער ענג אין שטייג,
פּאַטשט ער מיט די פליגלען;
ווערט אַ לייב פאַרהאַסט זיין שטייג,
טרייסלט ער די ריגלען;

בין איך דאָך אַ קלוגער מענטש,
גיי ניט „קידער־ווידער״;
און ווען עס דריקן צו די ווענט,
ווייַן איך אויס אין לידער.

# אין וועג

קוק ווי דער הימל צעשפּרייט זיך דאָ ווייט,
און דער וועג ווי ער לייפט דיר אַנטקעגן;
פאָרויס ליגט אַ וועלט אָן אַ סוף, אָן אַן ענד,
ווי דער ים מיט די ענדלאָזע ברעגן.

עס הייבט אָן צו קלאַפּן דאָס האַרץ ווי צום טאַקט, —
ענדלעך ביזט פריי גאָר געוואָרן,
פאַרגעסן די זאָרג און דעם טעגלעכן יאָך,
דיינע אַנגסטן אין מיילן פאַרלאָרן.

צי זיך ווייטער, מיין וועג, צווישן לאָנקעס און וואַלד,
צווישן הימל וואָס שפּרייט זיך אַנטקעגן,
און ווידער ווערט פריי מיין געפאַנגענע האַרץ
אויף ברייטע און ענדלאָזע וועגן!

יוני, 1955

רחל לינאָוו

# מענטש און בוים

קוקט אויף דיר אַ הויכער בוים
און שאָקלט מיטן קאָפּ,
„וואָס ביזטו, מענטש, אַזוי פאַרזאָרגט ?
עס גייט דיר עפּעס אָפּ ?

מירביידע האָבן זון און ליכט,
די ערד פאַר אונדזער פוס,
וואָס ביזטו, מענטש, אַזוי פאַריאָגט,
און ווייסט ניט פון גענוס ?"

וואָס זאָל איך ענטפערן דעם בוים ?
צי ווייס ער דען דערפון,
אַז אונדזער בליק איז צו דער ערד,
און זיינער צו דער זון ?

הערבסט, 1949

ליר ישע קלאַנגען

# פרילינג אין דער אַטאָמישער וועלט

דו גייסט איבער זוניקע גאַסן,
מיט פרישקייט און גרינקייט אַרום,
עס האָט די נאַטור מיט אַ ברייטקייט
דעם פרילינג צעשפּרייט אומעטום.

דו קוקסט אין די לויטערע הימלען, —
אַן ענדלאָזער בלויער געצעלט,
פאַרגעסט זיך עס שטייט איצט אַ משחית
און וויל גאָר פאַרניכטן די וועלט.

מאַי, 1950

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# מיינע לידער

מיין ליד איז לאַנג געלעגן
ווי אַ קוואַל פאַרבאָרגן,
צו וואָס דען שרייבן לידער ?
ניט זיכער איז דער מאָרגן.

איינזאַם איז געלעגן
מיין אויסגעשפרייטער וועג,
אַזוי זיינען געוועזן
אַלע מיינע טעג.

האָט אַ שטראַל פון מזרח
פלוצלונג אויפגעשיינט,
ליכטיק איז געוואָרן
דער מאָרגן און דער היינט !

יוני, 1950

# אויף אייגענער ערד

(צו די העלדישע קעמפער פון ישראל)

מענטשן און דורות, זיי מוזן פאַרגיין,
טיראַנען, זיי לעבן ניט אייביק,
עס איז בלויז די גרינע, די פרוכטבאַרע ערד,
וואָס ווערט ניט צעריבן און שטויביק!

אַזוי לאַנג ווי דו טרעטסט אויף דיין אייגענער ערד,
וואָס דו רופסט דאָס דיין היים און דיין לאַנד,
ניט שרעק זיך פאַר קוילן, וואָס צילט פון זיין ביקס
דעם שונא'ס פאַרבאָרגענע האַנט!

עס וועט קומען אַ צייט נאָך פון פרידלעכער מי,
פון בויען, און זייען, און שאַפן,
און ס'וועט קלינגען פון פריידיקער אַרבעט דאָס ליד,
אויף באַרג, און אויף טאָל, און אויף האָפן!

(נאָכן אויפקום פון מדינת ישראל, 1947,
אין דער צייט פון דער מלחמה אין ישראל)

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# דער טאָג איז געקומען

ס'איז מיר ניט באַשערט געווען צו העלפן אייער אויפבוי,
דעם אויפבוי פון אַ פאָלק אין אַ באַפרייטן לאַנד,
נאָר אין מיין דמיון בין איך געווען אויף אַלע גרינע פעלדער,
פון ווייטסטן באַרג, ביזן ברייטסטן הימל־ראַנד.

אין זומערדיקע, ליכטיקע פרימאָרגנס,
זע איך ווי איר גייט מיט פריידיקן געמיט,
עס גייט אויך מיט מיין האַרץ מיט אייך צוזאַמען,
ביי יעדן פעלד פאַרזיי, ביי יעדן תבואה שניט.

אין טעג אין פינסטערע פון אַנגסטן און גערראַנגל,
ווען עס האָט אַ גאַנצע וועלט געצוקט מיט פייער־בראַנד,
האָב איך דורך ווייטיקייטן געקוקט מיט גלויבן,
צו אַ באַפרייטן פאָלק, אין אַ באַפרייטן לאַנד.

לירישע קלאַנגען

# גייט פאָרויס, איר, פּיאָנערן

(געווידמעט די חברות פון קלוב איינס)

עס ליגט פאַר אונדז אַ יאָר פון אַרבעט און פון לאַסטן,
אחריות פאַר אַ פאָלק, אחריות פאַר אַ לאַנד,
שטייט איר, פּיאָנערן, אַן אַרמיי פאַרמאָסטן,
גרייט צו יעדער צייט דערלאַנגען אייער האַנט.

עס שטייען פאַר אונדז טעג מיט אַנגסטן און געפאַרן,
טעג ניט זיכערע אין אַ צעברויזטער וועלט,
זייט פאַר זיי געגרייט און זאָל דאָס אייך ניט אַרן
אויב וויכטיקע ענינים אַנשטאָט כבוד איז געשטעלט!

עס קוקט צו אייך אַ לאַנד מיט האָפענונג און גלויבן,
און וואַרט אויף אייער טאַט און וואַרט אויף אייער וואָרט,
און יעדן קערענדל וואָס איר וועט דאָ פאַרלייגן
וועט אויפשפּראָצן מיט קראַפט און ברענגען פלאַנצן דאָרט!

גייט אַלע פאָרויס, איר פרויען פּיאָנערן,
ווערט ניט פון קיין זאַך געשטרויכלט און געשטערט,
עס האָבן דור נאָך דור גע׳חלומ׳ט לאַנגע יאָרן,
וואָס אייך אין אייער דור איז זען געוועזן באַשערט!

זומער, 1948

רחל לינאָוו

# ערגעץ ליגט אַ קליינע לאַנד

(די קינדער פון ישראל געווידמעט)

איבער טאָלן, איבער בערג,
איבער ווייטע ימ׳ען,
ערגעץ ליגט אַ קליינע לאַנד,
זייער ווייט פון דאַנען.

ערגעץ ליגט אַ קליינע לאַנד,
אונטער זון און שטערן.
הייסט דאָס לאַנד „ישראל לאַנד״,
אונדזער שטאָלץ און קערן.

שפּאַנען קינדער דאָרטן דרייסט,
הויך דעם קאָפּ געהויבן,
און עס שטראַלט אין יעדן אויג
זיכערקייט און גלויבן.

און אין האַרצן וויגט אַ פרייד —
היים און לאַנד צוזאַמען.
„קיין מאָל, קיין מאָל וועלן מיר
ניט אַוועק פון דאַנען!״

פרילינג, 1948

# אַ וואונטש

עס ווילט זיך אַ ווײַלע
צערייסן די פעדים,
וואָס האַלטן ווי קייטן
דאָס טעגלעכע לעבן.

אַוועקגיין אין פעלד,
זיך באָדן אין זון,
און שפּירן די פרייד
פון איטלעכן בלום.

און טראַכטן פון יוגנט,
פאַרגאַנגענע טעג,
וואָס זענען ווי זוניקע
פרילינגס אַוועק...

רחל לינאָוו

# מיין פּיאָנערן־משפּחה

פּנימ׳ער נאָענטע, פּנימ׳ער ליבע,
עס קלייבט זיך צוזאַמען די גאַנצע משפּחה,
עס גריסט אייך מיין וואַרעמע האַרץ ווי אַ מאַמע,
און קוויקט זיך ביז גאָר מיט דער גרויסער הצלחה.

יעדע חברה איז מיר ווי אַ שוועסטער,
אַ קרוב, אַ נאָענטער פריינט,
עס ווילט זיך ניט טראַכטן פון עלנטן נעכטן,
נאָר בלויז פון דעם פריידיקן היינט.

און היינט האָב איך אימער אַ ליבע משפּחה,
געקומען פון נאָענט, פון ווייט,
מיר טוען צוזאַמען, מיר שטרעבן צוזאַמען,
און רוישיק פאַרלויפט זיך די צייט.

ווינטער, 1948

לירישע קלאַנגען

# צו דער טייערער חברה, פייגל גארין

עס לויכטן די ווענט מיט אַ פריילעכן יום־טוב,
עס זאָגט אונדז „גוט אָוונט!״ דער שניי־ווייסער טיש,
אַפילו די שאַפע, וואָס אונדז קעגנאיבער,
שמייכלט אַרונטער גאָר לעבעדיק־פריש.

די ווירטן אַליין? איר זאָלט בעסער ניט פרעגן:
עס שטראַלט איר דאָס פּנים פון האַרציקער פרייד,
וואָס מער מיט אַ יום־טוב, וואָס אָפטער צוזאַמען,
די ליבע חברה איז אימערצו גרייט!

הערבסט, 1949

רחל לינאָוו

# עס בענקט זיך נאָך ישראל

עס ווילט זיך מיר מאַכן אַ ברכה — שהחיינו
ביים אָנקוקן די נייע „פרי״:
אַ ייד וואָס לאָזט וויסן דער וועלט — ווער ער איז,
און האָט גאָר פאַר קיינעם קיין מורא...

אַ יידן וואָס אַקערט זיין אייגענע ערד,
אַזוי ווי אַמאָל, מקדמונים.
און זאָגט אים ווער: „גיי דיר פון וואַנען דו קומסט״,
לאַכט ער זיך אויס פון אַזוינעם...

עס ווילט זיך מיר שפרייזן אויף גאַסן פון שטעט,
געבויטע פון אייגענע ציגל,
און הערן פון מאַמעס אַ ניי־פריידיק ליד
געזונגען ביי „סאַברעלע׳ס״ וויגל.

און אָנקוקן ליכטיקע שטערן ביינאַכט
אין לויטערן מזרח׳שן הימל,
און אפשר אויך זען די נביאים — דערוואַכט
פון זייער לאַנגיאָריקן דרימל.

איר קאָנט דאָך מיר זאָגן אַז דאָס איז אַ טרוים,
חלומות, און הבל הבלים,
איז — נעמט ביי מיר אַלע צוקונפטיקע טעג
פאַר איין, אַזאַ ליכטיקן חלום!...

זומער, 1949

# פאַר אײַך, ליבע קינדער

(די טײַערע חברות גארין און סוויטקעס געווידמעט)

עס איז בײַ אונדז אַ יום־טוב הײַנט, טײַערע קינדער,
אַ יום־טוב פאַר שבועות, אַ יום־טוב פאַר אײַך,
אַ יום־טוב צו ערן צוויי האַרציקע מאַמעס,
וואָס זענען אויך אײַערע מאַמעס צוגלײַך.

געקעמפט, ניט גערוט האָבן אָט די צוויי מאַמעס,
אַז אײַך זאָל זײַן בעסער אין זוניקן לאַנד,
דורך אײַערע וואָגלען, דורך אײַערע לײַדן
געווען אימער גרייט אײַך דערלאַנגען אַ האַנט.

זײַט, קינדער, געבענטשט אין דער הײמאַט, דער ליבער,
געבענטשט און געשטאַרקט זאָל זײַן איטלעכע האַנט
וואָס האָט מיט איר צאַרטקייט און אמת'ער ליבע
געבראַכט אײַך צופירן אין אײגענעם לאַנד.

רחל לינאָוו

# צום לאַנד ישראל

געדאַרפט האָב איך צו דיר נאָך פאָרן לאַנג צוריק,
נאָך אין די יונגע יאָרן,
האָט זיך פאַרקירעוועט מיין וועג,
און איך בין קרום פאַרפאָרן.

געבענקט האָב איך נאָך דיר אַ לעבן לאַנג,
און זיך דאָס האַרץ געגעסן;
נאָר דורך ענדלאָז שווערן וועג
דיך קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

און אויב עס איז מיר ניט באַשערט
אין לעבן טרעטן אויף דיין באָדן,
און פילן אויף מיין קאָפּ
דאָס ליכט פון דיינע הימלען —

זאָל שטענדיק שוועבן דאָרט מיין גייסט,
און תמיד וואַנדערן מיין דמיון.

מאַי 18, 1952

לירישע קלאַנגען

# צום בילד פון אַ קינד פון ישראל

איך קוק אויף אַ בילד מיט אַ ליכטיקן פּנים,
אַ קינד פון ישראל פאַרפלויגן אַהער,
ווער האָט מיר געשיקט אָט די גרויסע מתנה,
איך ווייס ניט פון וואַנען, איך ווייס גאָר ניט ווער.

עס ציט זיך מיין אויג צו דעם קינדערשן פּנים,
עס זעטיקט מיין האַרץ זיך מיט פרייד אָן אַ צאָל,
ער איז ביי אונדז דער גרעסטער, דער טייערסטער אוצר,
ווער ווייסט, אפשר טייערער גאָר פון דעם אויל...

ער וועט דאָך ווען זיין דער צוקונפטיקער בויער,
דער שאַפער פון פאָלק, און דער שאַפער פון לאַנד,
טאָ לאָמיר מיט ליבשאַפט אויך טראָגן אחריות
און העלפן דעם קינד מיט אַן אָפענער האַנט!

אָקטאָבער, 1955

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# צו חברה שרה סיידל

(צו איר זיבעציק־יאָריקן געבוירנטאָג)

קוק מיט שטאָלץ צו דיינע יאָרן,
וואָס ניט אומזיסט זענען אַוועק,
האָסט פאַרבונדן דיינע וועגן
מיט אַ ליכטיק, גרויסן צוועק!

ביזט געווען פון ערשטע זעלנער,
איצט איז גרויס אונדזער אַרמיי;
עס גייען מיט די יונגע דורות,
ענג פאַרבונדן זענען זיי.

קוק מיט שטאָלץ צו זייער אַרבעט,
האָסט די קערענדלעך פאַרזייט,
און דערלעבט אין וואָר אַ חלום.
זיי געגריסט און זיי דערפרייט!

נאָוועמבער 21, 1949

# צו איינעם פון ד. פ. קעמפ

(געווידמעט דעם „קינדער רעטונג פאָנד")

איך קוק אויף דיין יונגן, פאַרטרויערטן פּנים,
און עס שטיקט מיך אין האַרצן אַ טרער,
עס ווילט זיך מיר ריידן צו דיר ווי אַ מאַמע:
„אָ, קינד, זיי ניט טרויעריק מער".

דאָך בלייבן די ווערטער ווי שטום און פאַרפרוירן,
און איך פון דערווייטנס בלויז שטיי.
ווי קאָן איך דיך טרייסטן, וואָס קאָן איך דיר זאָגן,
מיט דיינע זכרונות און וויי?

איך קאָן בלויז אַ תפילה, אָ, קינד, פאַר דיר זאָגן,
פאַר דיינע צוקונפטיקע טעג,
און ווינטשן דיר לאַנגע און גליקלעכע יאָרן,
אָן דערנער, אָן שטיינער אַ וועג.

ווינטער, 1948

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# צו מיינע אַלטע חברים אין ישראל

אויב עס וועט באַשערט זיין אונדז
אַמאָל זיך צו באַגעגענען,
געוויס וועט איר מיך ניט דערקענען,
אַזוי פיל יאָרן שוין אַוועק
זינט אונדזער לעצטן „זיי געזונט״;
נאָר עס מאַכט ניט אויס ווי אַלט מיר קאָנען זיין.
עס זענען פייערן וואָס וועלן אימער ברענען,
און יענער פייערל וואָס האָט געברענט אַמאָל,
און איז אייך אַלעמען דאַן גוט געווען באַקאַנט,
דאָס האָבן ווינטן אייזיקע דורך יאָרן ניט פאַרלאָשן.
ווי אַ טייערע ירושה איז ער מיט מיר פאַרבליבן
און ברענט נאָך ליכטיקער אין האַרצן ביי מיר היינט!

נאָוועמבער 21, 1949

# וואָס איז אַ שפּראַך?

עס פאַלט ניט פון הימל
אַזוי ווי דער רעגן,
עס וואַקסט ניט ווי גראָז
אויף די שטויביקע וועגן,

נאָר עס וועבט זי אַ פאָלק
פון דער טיפקייט פון לעבן,
און עס ווערט בירושה
צו דורות געגעבן.

יוני 11, 1954

רחל לינאָוו

# צו אייך, פיאָנערן!

צו אייך, פיאָנערן, איר העלדישע טוער,
באַלאַנגט מיין באַגייסטערטע וואָרט;
איך זע אייער אַרבעט, איך זע די אחריות,
וואָס איר טראָגט צו אין איטלעכן אָרט.

איך זע אויך די אַנגסטן, איך זע אויך די צווייפלען
ביי איטלעכער אַרבעט פאַרטראַכט,
איך זע אויך די פריידן, איך זע דעם נצחון
ביי איטלעכן פאָרשריט געמאַכט!

און וואו נאָר מען רופט אייך, און וואו נאָר מען דאַרף אייך,
דערלאַנגט איר אַ וויליקע האַנט.
איר העלפט אַלע רעשטלעך פון פאָלק צו דערלייזן,
איר העלפט אים צו בויען זיין לאַנד!

און וועט אייך באַשערט זיין דאָס לאַנד צו באַטרעטן,
וועט איר דאָרט קיין פרעמדע ניט זיין;
עס וואַקסט דאָרט די פרוכט פון דער וויכטיקער אַרבעט
וואָס איר טוט פון דער ווייטנס אַריין!

# צו דער טייערער חברה, ליובא קאַפּלאַן, און איר מאַמען, העניע ראַטנער

(נאָך אַ באַזוך)

מיר זענען אַרויס אין דער טונקעלער נאַכט,
אַ רעגנדל שפּריצט און גאָר פייכט איז דער וועג,
די עטלעכע שטונדן אין פריינטשאַפט פאַרבראַכט,
האָבן ליכטיק געמאַכט יעדן טראָט, יעדן שטעג.

און ליכטיקער אויך איז געוואָרן דאָס האַרץ,
וואָס בענקט נאָך אַ יום־טוב, וואָס בענקט נאָך אַ ליד:
זאָל שטאַרק זיין די האַנט פון דער ליבער חברה,
וואָס גיט אונדז דערהייבונג און ווערט גאָר ניט מיד!

יאַנואַר 25, 1952

רחל לינאָוו

# צו די יתומים וואָס גייען אין ישראל

ס'האָט אַ בייזער גורל גרוילעך אייך באַשטראָפט
און עלנדע געלאָזט אייך וואָגלען אויף דער וועלט,
דורך שטעט, דורך חרוב'ע, און דורך פאַרוויסטע וועגן;
דער שונא האָט פאַר'משפט אייך אויף הונגער און אויף קעלט.

און זענען ערגעץ לענדער גאַנץ געבליבן,
און עס האָבן אין די פענסטער פייערלעך געברענט,
האָט מען אויף שנעל דאָרטן די טויערן פאַרשלאָסן,
און איר האָט אין קיין לאַנד אַריינגיין ניט געקענט.

נאָר אָט האָט ס'נייע לאַנד די טירן ברייט צעעפנט
און אויסגעשטרעקט צו אייך אַ ברידערלעכע האַנט;
טאָ גייט־זשע, קינדערלעך, מיט מוט און גלויבן,
און בויט פאַר זיך אַ לעבן אין אונדזער אייגן לאַנד!

לירישע קלאַנגען

# ישראל, צום געבוירנטאָג

ס׳איז דער פינפטער יאָר פון דיין געבורט,
יונגינקער ישראל,
פאַר דיין וואוקס און לאַנגע יאָרן
זיינען מיר מתפלל.

וואַקס דו גרויס, און וואַקס דו מוטיק
און מיט אַלץ געראָטן,
זאָלן דיך מלאכים היטן
פון אַ בייזן שאָטן!

אַפּריל 28, 1953

רחל לינאָוו

# דער טייערער חברה, אסתר לאַזאַראָף, געווידמעט

(פאַר אירע האַרציקע בריוו צו מיר)

עס קומען בריוו, ווי ווייסע טויבן,
ברענגען זיי פון דיר גערוסן,
מיט דיין וואַרעמער נשמה
קומסטו דאָרטן מיך באַגריסן.

וועבט זיך שטיל אַ זיידן פאָדים,
און פאַרבינדט אונדז ענג אין צווייען,
אָפט פאַרשטייען מיר אָן ווערטער
אַלע שמערצן, אַלע ווייען.

# פאַר מוטערס טאָג

מיט אַ האַרציקער באַגריסונג צו די העלדישע מאַמעס פון ישראל

איינמאָל אַ יאָר ווערט איר, מאַמעס, דערהויבן,
פאַר שטענדיקער אַרבעט און מי,
פאַר שטיין איבער היימען ווי שומרים געטרייע,
און וואַכן סיי שפּעט און סיי פרי.

פאַר אייביקער זאָרג, און פאַר נעכט ניט דערשלאָפן,
פאַר ערלעך די פליכטן צו טאָן,
טראָגט איר היינט, מאַמעס, גאַנץ שיינע בוקעטן
און זיצט אפשר גאָר אויבן־אָן.

אויף מאָרגן שוין ווידער די וואָכיקע מאַמע,
וועט שפּרייזן פון עס־קראָם צום קיך,
וועט טאָן אירע פליכטן מיט ליבע און ערנסט
און אָפטמאָל פאַרגעסן אָן זיך.

מיר האָבן אויך מאַמעס, גרויס־העלדישע מאַמעס
אין ווייטן, אין אַלט־נייעם לאַנד,
וואָס העלפן דאָרט בויען דאָס לאַנד פון ישראל,
מיט שטאַרקער און מוטיקער האַנט!

זיי שפּרייזן אויף וועגן מיט שטיינער געפלאַסטערט,
און אפשר אויף זומפּיקער ערד,

רחל לינאָוו

מיט מוט גייען שטענדיק דעם שונא אַנטקעגן
און אָפּטמאָל אַנטקעגן זיין שווערד!

לאָמיר מיט אַכטונג באַגריסן אייך, מאַמעס,
מיט ליבשאַפט דערלאַנגען די האַנט
צו אונדזערע שוועסטער, די מוטיקע העלדינס,
וואָס בויען דעם אייגענעם לאַנד!

מאַי 11, 1954

# צום אָנדענקען פון דער טייערער חברה, דזשעני שניידער! (ע״ה)

(די קינדער געווידמעט)

ווען איך וועל נאָר אַ טראַכט טאָן
פון אַלעס וואָס איז גוט
און ערלעך דאָ אין לעבן,
וועט אייער מאַמעס בילד
דאַן קומען מיר אַנטקעגן.

אַ רואיקע געשטאַלט,
מיט אויגן — מילד ווי טויבן,
אַ שמייכל — שטענדיק גרייט
צו מוטיקן, דערהויבן.

אַזוינע מענטשן לעבן נאָך,
זיי גייען מיט אונדז מיט,
אין אונדזער שווערן וועג
באַלויכטן זיי די טריט.

יולי 4, 1950

רחל לינאָוו

# חנוכה אין דער אַלטער היים

פאַרגליווערט די פענסטער,
פאַרשנייט איז די וועלט,
עס ברענט מיט אכזריות
אין דרויסן די קעלט.

אין שטוב ב׳אונדז איז וואַרעם,
און ליכטיק, און העל,
מיר שטייען ביים אויוון,
ניט ווייט פון דער שוועל.

דער טאַטע בענטשט ליכטלעך,
און זינגט אויפן קול,
געווען זיינען ניסים
ביי יידן אַמאָל!

געקעמפט האָבן העלדן
מיט מוט און מיט שווערד,
געקעמפט פאַר דער ערע
פון אייגענער ערד.

דאָס שטעטל פאַרשוואונדן,
דער עבר גאַנץ ווייט;
ס׳איז דער נס אויך געקומען
אין היינטיקער צייט!

חנוכה

לירישע קלאַנגען

# אַרויסבאַגלייט דעם שבועות פון שטעטל

(זכרונות)

גאָלדענע טעג, און אַ גאָלדענע צייט,
עס ליגן די פעלדער צעשפּרייט אַרום ווייט,
פאַרזייטע מיט קאָרן, און ווייץ אין דער מיט,
אַן אָנזאָג פון שפע אין צייטן פון שניט.

מיר האָבן דעם יום־טוב פון שבועות באַגלייט,
דורך פעלדער דורך גרינע, פון אונדז ניט פאַרזייט,
געקוקט אין דערווייטן צום הימלשן ראַנד,
מיט בענקשאַפט דערמאָנט זיך אָן אייגענעם לאַנד!

געשריבן ספּעציעל פאַר שבועות
מאַי 16, 1955

רחל ליגאָוו

# צו דער טייערער חברה, מיני סניידער

פאַרשטריקט האָסטו דיין אומעט
אין די גרינע פאָדים,
אין די רויטע בלומען,
און דעם העלן גרונט.

פאַרשטריקט האָסטו אָט דאָרטן
די אָוונטן די שווערע,
די ניט־פאַרהיילטע וואונד,
געזעסן שטיל, געשטריקט אַלץ,
דורך טאָג־שעה׳ן, דורך נאַכט,
דערנאָך האָסטו אַ מתנה
פאַר ישראל אונדז געבראַכט.

# מיינע קליינע ווינטער־געסט

ווי עס קומט דער קאַלטער ווינטער
קומען צו מיר ליבע געסט,
עס קומען פויגלען זוכן עסן
פון דער קליינער הונגער־נעסט.

קלייב איך שטיקלעך, קלייב איך ברעקלעך,
האַלט אַ טיש פאַר זיי געגרייט,
און עס הילכט דער גאַנצער דרויסן
מיט אַ גרויסער פויגל פרייד.

עס שפּרינגען פויגלען, הויבן פּיסלעך,
עס איז אַ יום־טוב אויף דער וועלט,
עס פּראַוועז פויגלען היינט אַ סדר
אין דער מיט פון ווינטער קעלט.

שטיי איך שטילערהייט ביים פענסטער,
און עס וואַרעמט מיך אַ פרייד:
עס נעמט דאָך ווייניק צו פאַרהיטן
קליינע פייגעלעך אין נויט!

געשריבן אין אַ קאַלטן ווינטער־טאָג.

רחל ליננאָוו

# צו דער טייערער חברה, בעסי וועגמאַן

עס איז מיר גוט צו זיין מיט דיר צוזאַמען,
און פילן זיך אין שוץ פון דיינע פליגל;
אַזוי ווערט פילן אָפט אַ קינד,
ווען עס זיצט די מאַמע ביי זיין וויגל.

די וואַרעמקייט פון דיינע שטילע רייד,
עס רעדט דאָס פשוט פאָלק דורך דיינע ווערטער,
און וואו דו קומסט נאָר אין באַרירונג,
ווערן אָנגעפילט מיט האַרציקייט די ערטער.

מאַי 6, 1956

# צו די פרויען־פּיאָנערן

אויב איך שרייב און האָב הצלחה,
איז קיין נסים דאָ ניטאָ;
איר אויך, ליבע פּיאָנערן,
האָבן אַ גרויסן חלק דאָ.

פאַר ווען וואָלט איך קאָנען שרייבן?
פאַר די טויבן אויפן דאַך?
אָפּגעווייטערט פון דעם לעבן,
און פאַרפרעמדט פון יעדער זאַך.

בין איך לעצט צו אייך געקומען
אין אַ גליקלעך, גוטער שעה,
ברענגט איר אָפּט מיר שאַפונגס־קוואַלן,
אוי, ווי גוט מיט אייך איז דאָ!

רחל לינאָוו

# אַ פאַרדינטע רייזע

(געווידמעט דער חברה, בערי,
צו איר רייזע קיין ישראל)

ניט געיאָגט, און ניט גע׳רעש׳ט,
גייסט אַרום זיך שטילערהייט,
פאַר ישראל באַנדס פאַרקויפן
ביזטו אימער, אימער גרייט!

קלאַפסט געמיטלעך אָן אין טירן,
און מען עפנט זיי פאַר דיר,
ווילסט אַ יעדן באַנדס פאַרקויפן
אָן אַ ברעג, און אָן אַ שיעור.

איז געקומען דיין באַלוינונג,
זיין אַ גאַסט אין אונדזער לאַנד,
און מיט שטאָלץ וועסטו זיי ברענגען
אונדזער ברכה אין דיין האַנט!

מערץ 17, 1955

# חמשה עשר בשבט
# אין ישראל

איר'ט בוימער דאָרט פלאַנצן
און לידער דאָרט זינגען,
און טאַנצן אַ פריילעכן טאַנץ;
און שיינען וועט אויבן
די זון מיט הצלחה
און שיקן איר וואַרעמען גלאַנץ.

און איטלעכן פלאַנץ
וואָס איר וועט דאָרט זייען
וועט האָבן זיין אָרט און זיין ווערט.
איר וואַרפט ניט קיין זוימען
אויף ווילד־פרעמדע וועגן,
נאָר פלאַנצט זיי אין אייגענער ערד.

און פול וועט זיין שפעטער
דעם בויערס הצלחה,
און פול אייער האַרץ, אייער האַנט.
געבענטשט און געשטאַרקט
זאָלט איר זיין דאָרט אַלע,
וואָס פלאַנצן אין אייגענעם לאַנד!

פעברואַר 2, 1953

רחל ליגאָוו

# אין אַ שעה פון געפאַר

אַזוי ווי דער באַפרייער
אין גורל׳דיקע טעג,
קאָן איך ניט געפינען
קיין ווערטער אויף מיין וועג.

עס הענגט אַ שווערער שאָטן
איבער אונדזער לאַנד,
עס פאָכט דעם שווערד דער שונא
מיט אַ בלוטיק האַנט.

מיר קאָנען דאָך ניט לעבן
מיט זיגן פון אַמאָל,
ווען עס דראָען היינט געפאַרן,
געפאַרן אָן אַ צאָל.

איז מיין האַרץ פאַרקלעמט,
און מיין געמיט פאַרשווערט;
צי זיינען שטענדיק שלאַכטן,
שלאַכטן אונדז באַשערט?

(געשריבן אָנשטאָט אַ חנוכה־ליד)
דעצעמבער 8, 1955

# פעלדער פון ישראל

איך האָב ליב די גרינע פעלדער
און דעם רוישענדיקן וואַלד,
איך האָב ליב די אַלע סודות
וואָס זיין טיפעניש אַנטהאַלט.

טראַכט איך שטענדיק פון ישראל,
וואו עס ווערט דער וואַלד געזייט,
פון די ווייטע גרינע פעלדער
אין דעם עמק אויסגעשפרייט.

און עס ווילט זיך ניט בלויז אָנזען,
נאָר פלאַנצן דאָרט מיט פריי געמיט;
ווער עס ווייס דעם טעם פון זייען,
יענער ווייס די פרייד פון שניט.

ר ח ל   ל י נ אָ ו ו

# אַמאָל און היינט

מיר פייערן סוכות ביז היינט נאָך צו טאָג
צעזייט און צעשפּרייט אין פאַרשידענע לענדער,
עס האָט אונדז ביז איצט ניט דערגרייכט די גאולה,
מיר האַלטן נאָך אַלץ אין דער תקופה פון וואַנדער.

און דאָרטן, אין מזרח, ליגט אונדזער מדינה
און בעט ווי אַ מאַמע צו אייגענע קינדער:
„קומט, קינדערלעך, גיכער, און לייגט צו אַ האַנט,
און העלפט אויך צו בויען דאָס אייגענע לאַנד".

נאָר עס שרעקט אונדז דאָס האַרץ צו פאַרלאָזן די טרעפּ
פון געדונגענעם הויז מיט די פליישיקע טעפּ.
און עס וואַרט מיט אַנטוישונג דאָס אייגענע לאַנד,
און עס הענגט אין דער לופטן דאָס רופנדע האַנט.

אַמאָל האָט דאָס זעלבע אין מדבר פּאַסירט,
ווען פון קנעכטשאַפט דאָס פאָלק האָט דער נביא געפירט,
און געוואַנדערט פיל יאָרן אין מדבר פון זאַמד
ביז דערגרייכט האָט דאָס פאָלק צו זיין אייגענעם לאַנד.

סעפּטעמבער 26, 1955

לירישע קלאַנגען

# צו אַ ניי־געקומענע אין ישראל

זאָלסט אַלעס זען פאַר מיר מיט דיינע יונגע אויגן,
פון העכסטן באַרג ביז נידעריקסטן טאָל,
און איינזאַפּן זאָלסטו אין זיך דעם וואונדערלעכן גלויבן
פון גבורה׳דיקן היינט און הערלעכן אַמאָל!

די גרויסקייט פון אַ פאָלק וואָס האָט דעם מוט צו בויען
אויף חורבות און אויף אַש פון אַ פאַרוויסטן לאַנד,
אין ווייטן מדבר וואו די פעלדער צו פאַרזייען,
און אָפּהיטן דערנאָך מיט אַ געשטאַרקטער האַנט!

זאָל אויפלייכטן דאָס אויג פון דיין צעבליטער יוגנט,
באַגעגענען זאָלסטו דאָס שענסטע איבעראַל,
אין שפּעטערדיקע טעג זאָל קומען דיר אַנטקעגן
אַלעס וואָס געשעפּט האָסטו פון אייביק־טיפן קוואַל.

וואַשינגטאָן, אויגוסט 29, 1954

רחל לינאָוו

# צום אָנדענקען פון די וואָס זיינען פון אונדז אַוועק

וואָס מער מיט אַ טאָג, און וואָס מער מיט אַ יאָר,
אַלץ שיטערער ווערן די רייען,
אַזוי ווי אַ שניטער זאָל גיין איבער פעלד
און שניידן די פרוכט נאָכן זייען.

וואָס ווייטער אַ טאָג, און וואָס ווייטער אַ יאָר,
ווערט ליידיק אַן אָרט ערשט פאַרנומען,
און עס פרעגט זיך אין האַרצן מיט אַנגסטן און ווי —
צי וועלן ווען אַנדערע קומען ?

# נאָכן שטורעם

איר האָט אייערע וואָרצלען געלאָזט
אין אַ פרעמדער און פיינטלעכער ערד,
איז אַ בלוטיקער שונא געקומען
און פאַרוויסט דאָס מיט פייער און שווערד.

אַזוי ווי אין ווינטער אַ שטורעם
מעקט אָפּ אַלע וועגן און טריט,
פאַרמעקט איז דאָס שטעטל געוואָרן
וואו עס האָט אייער יוגנט געבליט!

נאָר עס טרעפן זיך ניסים ביי יידן,
מיר האָבן דאָס פיל מאָל געהערט,
האָט אונדז די השגחה געגעבן
צוריק אונדזער אייגענע ערד.

אַ בוים האָט איר דאָרטן פאַרוואָרצלט
מיט בויען אַ היים פאַרן קינד;
פאַרהיטן דאָס מוטיקע העלדן
פון שונא, פון שטורעם און ווינד!

העלפט בויען מיט ליבשאַפט ישראל,
עס איז דאָך דער איינציקער אָרט,
וואו דער ייד קוקט מיט שטאָלץ צו זיין מאָרגן
און לאָזט הערן מיט ווירדע זיין וואָרט!

פעברואַר 6, 1957 ליובאַ קאַפּלאַן׳ס שטעטעלע סעלץ געווידמעט

ר ח ל  ל י נ אָ ו ו

# מענטשן — אַ בלומען־קראַנץ

איך האָב ליב צו זיצן שטיל,
אין אַ פּלאַץ מיט מענטשן פיל,
זיצן שטיל און באַאָבאַכטן
און נאַכהער אַ ווײַלע טראַכטן.

צום באַשלוס נאַכהער איך קום:
יעדער מענטש איז ווי אַ בלום
וואָס, צוזאַמען מיט זיין גלאַנץ,
פלעכט זיך אין אַ פאַרביק קראַנץ!

# ניט אייביק...

ניט אייביק קאָן מען לידער זינגען,
אויך אַ דיכטער ווערט דאָך מיד,
ווען עס קומט זיין שפעטע שטונדע,
און ער שרייבט זיין לעצטע ליד...

נאָוועמבער 25, 1955

רחל לינאָוו

# אַ תפילה

אַלעס וואָס איך קאָן איז תפילה טאָן פאַר דיר, דו, לאַנד פון מיינע אבות. איך בין צו ווייט און ניט בכח באַהילפיק זיין צו דיר אין איצטיקער פיל־גורל׳דיקער שעה.

(געשריבן אין שפּיטאָל, זומער, 1957
קירצלעך פאַרן סוף)